ספר

# רפואת הנפש

אין דיעזען ספר ווערט געוויזען די ווירקונג פון דער
אידישער אמונה אין טעגליכען לעבען. אויך ווי
מתפלל צו זיין ווען מען איז קראנק, און ווי
זיך צו פיהרען ווען מען איז געזונד.

מאת

## רבי משה ליכטענשטיין

מיסד ורב עדת „דעת ישראל"

JEWISH SCIENCE PUBLISHING CO.
New York City

**הספר הזה מקדש**
לאמי היקרה, החסידה והנעלה,
טובת הלב ונדיבת הרוח, פיה
פתחה בחכמה ותורת חסד על
לשונה, מרת **הענע** תחי'. יתן
ד' לה שנות חיים ושלום, שנות
ברכה ונחת, אמן

# הקדמה

דער ציעל פון דיזען ספר איז צו עפענען די אויגען פון די טויזענדער אידען וועלכע ווערען פארפיהרט און זוכען הילפע דורך קריסטשען סייענס. מיר אידען אין אמעריקע האבען א שווערע גייסטליכע פּראָבלעמע פון וועלכע די אידען פון אנדערע לענדער וויסען גאָר ניט — די פּראָבלעמע איז קריסטשען סייענס. קריסטשען סייענס איז א קריסטליכע סעקטע וועלכע גלויבט דאָס מענשען קענען געהיילט ווערען פון אלע קראנקהייטען דורך תפלות אינ׳ם קריסטליכען רעליגיאָן; איהרע נאָכפאָלגער באווייזען דאָס זייער רעליגיאָן קען אויסהיילען א קראַנקהייט פיעל בעסער ווי דאָקטוירים און מעדיצין. דיזע סעקטע האָט צוגעצויגען צו זיך צעהנדליגע טויזענדער אידען וועלכע געהן צו זייערע קירכען צוערשט צוליעב די היילונג, אבער זיי פארבלייבען דארטען. זיי טהיילען זיך אפּ פון דעם כלל ישראל און זיי ווערען משומדים.

די מיסיאָנערען פון קריסטשען סייענס זיינען זייער געשיקט און געניט, זיי זיינען אנדערש פון די שלוחים פון

אנדערע קריסטליכע סעקטען. די מיסיאָנערען פון אנדערע סעקטען זאָגען דעם אידען גאנץ אָפען דאָס זיי ווילען דאָס ער זאָל אָפּגעבען זיין אייגענע אמונה און זיך שמד'ן; די מיסיאָנערען פון קריסטשען סייענס ווייסען אבער גאנץ גוט דאָס עס איז זייער א שווערע אויפגאבע צו מאכען דעם אידען אָפּגעבען זיין רעליגיאָן, דארום נעמען זיי אָן גאנץ אנדערע מיטלען. ערשטענס, רופען זיי זיך ניט מיסיאָנע־רען, זיי רופען זיך היילער, וועלכע זוכען נאָר צו היילען קראנקהייטען. זיי זאָגען דעם אידען לכתחילה דאָס זיי ווילען ניט דאָס ער זאָל זיך שמד'ן, זיי ווילען ניט דאָס ער זאָל פארלאָזען זיין יודענטהום, זיי ווילען נאָר איהם אויס־היילען פון זיינע קראנקהייטען. אָבער אום געהיילט צו ווערען מוז ער געהן יעדע וואָך צו דער קריסטשען סייענס קירכע, ער מוז דאָרטען מתפלל זיין מיט דביקות צו יעזו־סען. ער מוז אָפּגעבען יעדן טאָג געוויסע שטונדען צו שטו־דירען די לעהרע פון מיסעס בייקער עדי, די גרינדערין פון קריסטשען סייענס. אום געהיילט צו ווערען מוז ער אויך איבער'חזר'ן יעדען פרימאָרגען א תפילה צו יעזוסען אין וועלכע ער בעט געזונד און שטארקייט. דאָס אלעס ווערט ניט געגעבען צו איהם אונטער דעם נאָמען פון שמד, נאר אונטער דעם נאָמען פון היילונג. נאַטירליך צוביסלאך, צו־ערשט געגען זיין ווילען און נאכהער מיט זיין ווילען, ווערט

דער איד אפגעריסען פון זיין אייגענעם רעליגיאָן און פון זיין אייגענעם פאָלק, און פארבלייבט מיט זיינע יונגע קינדער אין קריסטשען סייענס. און אזוי ווערען אָפגעריסען פון אונז פילע טויזענדע אידישע משפחות. זיי ווערען משומדים ביי א לאנגזאמען פראָצעס, און מיר געפינען דאָס די קריסטשען סייענס קירכען זיינען אנגעפילט מיט מאסען פון געוועזענע אידען.

מיר האָבען באטראכט דיזען גרויסען גייסטליכען אומגליק, און מיר האָבען זיך געשטעלט דיזע פראגע: אויב רעליגיאָן קען היילען מענשען פון קראנקהייט, טו פארוואָס מוז דאָס דוקא זיין דער קריסטליכער רעליגיאָן? אויב תפלות הרפואה האָבען א גרויסע ווירקונג, טו פארוואָס מוזען זיי זיין קריסטליכע תפלות? געפינען מיר דען ניט אין תנ"ך און אין תלמוד דאָס תפלה האָט פארטריבען קראנקהייט? מיר געפינען דאָס אברהם האָט מתפלל געווען פאר אבימלכ'ן און אבימלך איז געהיילט געווארען. משה האָט מתפלל געווען פאר זיין שוועסטער מרים און זי איז געהיילט געווארען. ישעיה הנביא האָט מתפלל געווען פאר יחזקיה המלך און ער איז געהיילט געוואָרען. און אזוי געפינען מיר דאָס רבי חנינה בן דוסא און פילע אנדערע האָבען געהיילט דורך תפלה. דער תהלים איז פול מיט הארציגע תפלות אויף היילונג; ווען דער בעל הזמר

געפינט זיך שוואַך אין געזונט אדער אין גייסט אדער אין האָפענונג, דאַן אָפּפערט ער א תפלה צו גאָט ב״ה און ער ווייסט גאַנץ זיכער דאָס זיין בקשה וועט אָנגענומען ווערען. „שמע ד׳ את תחנתי ד׳ את תפלתי יקח — גאָט האָט צו־געהערט מיין געבעט, ער האָט אָנגענומען מיין תפלה״. און אפילו אין אונזערע אייגענע צייטען האָבען מיר די גרויסע חסידישע באוועגונג אין וועלכע איהרע פיהרער ווייזען דאָס מען קען היילען דורך תפלה. נאַטירליך ווען מיר ריי־דען וועגען די היינטיגע חסידות מוזען מיר אויך געדיינקען דאָס דאָ איז פאראנען אויך פיעל פאַנאַטיזמוס און פילע איבערטרייבונגען, אָבער מיר מוזען אויך ניט פארגעסען דאָס קיין באוועגונג קען זיך ניט לאַנג האַלטען אויף פאַ־נאטיזמוס אליין. אין יעדער גרויסער באוועגונג מוז זיין א גרינדליכער אמת, און דער אמת אין חסידות איז דאָס תפלה האָט א גרויסע קראַפט און דער מענש קען דורך דעם געהאָלפען ווערען.

באטראכטענדיג די אלע זאכען האָבען מיר דארום געגרינדעט דאָ אין אמעריקע די אידישע באוועגונג „דזשו־איש סייענס״ מיט דעם ציעל צו ווייזען אונזערע אידען דאָס אויב זיי זוכען היילונג דורך תפלה און בקשה דארפען זיי זיך ניט אפרייסען פון זייער אייגענעם פאָלק און פאר־לאָזען זייער גאָט און דאָס זוכען צווישען פרעמדע. מיר

זאָגען צו זיי, פארקערט, קומט נעהנטער צום גאָט פון ישראל, ער איז אַ רחום וחנון, רופא חולים ומתיר אסורים, און איהר וועט זעהן דאָס איהר וועט פיעל בעסער געהאָל־פען ווערען. אויך ווייזען מיר זיי ווי מתפלל צו זיין, וואָס צו זאָגען און וואָס צו דיינקען און ווי זיך צו פיהרען, ווייל מיר געפינען דאָס די טיפסטע תפלות ווערען געאָפּפערט מיט דער מחשבה און ניט מיט'ן מויל, מיט'ן הארצען און ניט מיט הויכע ווערטער.

זינט מיר האָבען געגרינדעט דיזע באוועגונג זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו אונז טויזענדער אידען. אידען וועלכע זיינען פריער געגאַנגען צו קריסטשען סייענס און פילע אנדערע וועלכע האָבען דאָרטען געוואָלט געהן. פילע זיינען געקומען צו אונז צובראָכען אין גייסט און אין קער־פער און זיי זיינען אויסגעהיילט געוואָרען. פילע זיינען געקומען נערוועז, מיט שרעק אין זייער געדאנק און מיט זאָרג אין זייער הארצען, און גאָר אָהן האָפנונג פאר דער צוקונפט, און זיי זיינען געהאָלפען געוואָרען. וואָס מעהר דער איד זוכט זיין גאָט מיט'ן גאַנצען הארצען אלץ מעהר געפינט ער דאָס גאָט איז זייער נאָהנט צו איהם.

## פרק א'

# ג אָ ט

וואו איז גאָט? אונזערע עלטערען האָבען אונז געזאָגט אז גאָט זיצט אין הימעל אויפ'ן כסא הכבוד. אָבער נאטיר־ליך קען אזא ענטפער נאָר האָבען א פּאָעטישע מיינונג; ווייל זיצען אויף א טראָן קען מען נאָר זאָגען וועגען א מלך בשר ודם, וועלכער האָט א קערפּער און וועגען וועמען עס איז פּאַסענד צו זאָגען, אז ער זיצט אדער שטעהט, אָבער דאָס קען מען ניט זאָגען וועגען גאָט וועלכער „האָט ניט קיין גוף און וועמען קערפּערליכע באגריפען קענען גאר ניט באגרייפען".

וואו דען איז גאָט? גאָט איז אומעטום, ווי דער נביא זאָגט: מלא כל הארץ כבודו — די גאנצע וועלט איז פול מיט גאָט'ס עהרע. אָדער ווי די תורה זאָגט: „ער איז גאָט אין הימעל פון אויבען און אויף דער ערד פון אונטען, און אויסער איהם איז ניטאָ קיין אנדערער".

עס איז אָבער וויכטיג דאָס מען זאָל פארשטעהן וואָס

דאָס מיינט, אז גאָט איז אומעטום. נאַטירליך אזוי לאנג ווי מיר פארשטעהן דאָס גאָט האָט ניט קיינע גופניות, דאן דארפען מיר איהם ניט זוכען מיט אונזערע חושים, ווייל די חושים קענען נאר אויסגעפינען זאכען וואָס האָבען א פאר־קערפערונג, סיי גרוים סיי קליין. גאָט קענען מיר נאר באַ־גרייפען מיט אונזער פארשטאַנד, דאָס הייסט, אויף ווי ווייט דער מענשליכער שכל קען ערייכען.

מיר זאָגען אין דזשואיש סייענס, דאס וואו נאָר עס געפינען זיך סימנים פון עקזיסטענץ און סימנים פון לעבען דאָרט געפינט מען הקב"ה. אַזוי לאַנג ווי מיר פאַר־שטעהן דאָס גאָט געפינט זיך אומעטום אין דער גאַנצער וועלט, דאן מוזען מיר אויך צוגעבען דאָס יעדע זאַך וואָס געפינט זיך אין דער וועלט האָט אין זיך א חלק אלקים. דארום ווען מיר באטראכטען זעהען מיר טאַקע דאָס אין יעדע באַשעפעניש געפינט זיך איין א השגחה וועלכע גיט איהר לעבען און מאכט איהר וואקסען און בויט איהר מיט אלע אָרגאנען וועלכע זיינען נויטיג איהר אויפצוהאלטען אין דער וועלט, סיי לעבענדיגע זאַכען און סיי נאָר בליהענ־דע זאכען. דער קערענדעל פון וועלכען עס וואַקסט ארויס א בלום, דער אייכארען פון וועלכען עס וואַקסט ארויס א בוים, די טפה פון וועלכע עס וואקסט ארויס א מענש, ווע־רען אלע ענטוויקעלט מיט א געטליכען פארשטאנד, פון

שטאַפּעל צו שטאַפּעל, פון מדרגה צו מדרגה, ביז די פולע בריאה ווערט געבויט. דאָס ווייזט קלאָר, אז א שכל עליון געפינט זיך אין יעדער בריאה, וועלכען די בריאה אליין פיהלט גאָר ניט פונקט ווי זי פיהלט ניט דעם לעבען אליין, ווייל דאָס איז א טייל פון איהר.

עס זיינען פאראנען צווייערליי שאפונגען: וואָס גאָט באַשאַפט און וואָס דער מענש באַשאַפט. א בוים, צום ביי-שפיל, איז גאָטס שאפונג, א געביידע איז דעם מענשענס שאַפונג, פלאנצט א קערענדל אין דער ערד און דורך איין אינערליכע קראַפט וועט זיך דאָס ענטוויקלען און וועט אויסוואקסען א בוים. לייגט אָבער אוועק א ווינקעלשטיין, וועט דאָס נאָר בלייבען א ווינקעל שטיין סיידען מעהר שטיינער און מאַטעריאלען וועלען געבראַכט ווערען און צונויפגעשטעלט ווערען אין א געביידע. דאָס איז נאָר ווייל די קראַפט וועלכע בויט די געביידע געפינט זיך ניט אין די געביידע גופא, נאר עקזיסטירט פון אויסענווייניג. דעריבער מוז די גאנצע מאַטעריאל וועלכע איז נויטיג פאר'ן בויען אויך קומען נאָר פון אויסענווייניג. שטיינער און ברעטער און קלעצער און אייזען און צעמענט מוזען געבראַכט ווע-רען פון אנדערע ערטער אום די געביידע אויפצושטעלען. דער פראָצעס איז אָבער פונקט פארקערט אין דעם אויפ-בויען פון א בוים. דאָ ווי נאר די זריעה איז אריינגעזעצט

אין די ערד פֿאַנגט זי אָן צו בויען איהר אייגענעם פֿונדאַ־מענט, זי הייבט אָן ארויסצושיקען איהרע וואָרצלען טיעף אין די ערד, און נאָכהער פֿון אינווייניג פֿאַנגט זי אָן צו בויען דעם קערפּער. און שפּעטער ווערען אויסגעשטרעקט די צווייגען, און נאָך שפּעטער קומען ארויס די בלעטער און פּרוכט. און דער גאַנצער אויפבויען איז ניט געשאַפֿען פֿון אויסערליכע נאָר פֿון אינערליכע מאַטעריאַלען. דאָס איז ווייל די קראַפֿט וועלכע בויט דעם בוים געפֿינט זיך אינע־ווייניג, און פֿון אינוועניג שאַפֿט זי און דירעקטירט די פֿאָרמע און דעם צוועק פֿון דער זריעה.

און אזוי אויך ווערט יעדער זאַך וואָס עקזיסטירט אין דער נאַטור, יעדע פּלאַנצונג און יעדע בריאה, יעדער שטערען און יעדער פּלאַנעט, וואקסט און ווערט ענטווי־קעלט דורך אָט דיזען כח וועלכער געפֿינט זיך פֿון אינע־ווייניג. און נאַטירליך איז דאָס אויך דאָס זעלבע מיט דעם מענשען, ווייל דער מענש איז אויך א טהייל פֿון דער גאַנ־צער נאַטור און די געטליכע קראַפֿט וועלכע זיצט אין דער נאַטור זיצט אויך אין מענשען. דאָס וואָס מיר רופֿען נשמה איז דאָס נאָר די געטליכע קראַפֿט אין מענשען. אָט דיזע קראַפֿט איז דער קוואַל פֿונ׳ם מענשענס לעבען; פֿון דיזע קראַפֿט קריגען אלע אָרגאַנען זייערע פֿונקציאָנען און אלע געהירען זייער אויפמערקזאמקייט און שארפקייט; פֿון

דיזער קראפט קריגט אויך דער מענש זיין שכל און זיין פארשטאַנד, אויך פון אַט דיזער קראפט קריגט דער מענש זיין ענערגיע און זיין געזונד, און ווען ער זאָל חלילה קראַנק ווערען דאַן אויך פון דיזע קראַפט קריגט ער זיין רפואה און זיין געזונד. און דאָס איז איבערהויפט וויכטיג צו געדענקען אז די אמת'ע רפואה קריגט ניט א מענש פון א מענשען, נאָר פון גאָט וועלכער איז א רופא חולים ומתיר אסורים.

## פרק ב׳

# תפלה

עס זיינען פאראנען פערשידענע תפילות אין אונזער טראדיציאָן, וועלכע באצייכענט אונזערע פארשידענע שטעלונגען צו הקב״ה. ערשטענס, זיינען פאראנען שירות ותשבחות, תפלות וועלכע דריקען אוים דעם מענשענס באוואונדערונג פון גאָטס גרויסע און מעכטיגע ארבייט. ווי מיר געפינען אין תהלים. דוד המלך איז מתפלל מיט גרוים באגייסטערונג: „מה רבו מעשיך ה׳ וכ׳, ווי גרוים זיינען דיינע טהאטען, גאָט; אלעם האָסטו געמאכט מיט קלוגשאַפט, די גאנצע וועלט איז פול מיט דיינע באזיצונ-גען״. משה און ישראל זינגען: „מי כמוך באלים ד׳ מי כמוך נאדר בקדש וכ׳ — ווער צווישען די מעכטיגע איז גלייך צו דיר, גאָט; ווער איז גאָר גלייך צו דיר וועלכער איז עהרענדבאר מיט הייליגקייט, פורכטבאר אין לויבען געזאנג, וועלכער טהוט וואונדערבארע טהאטען״. און אויך ווען דער מענש באטראכט גאָטס גוטסקייט און זיין גערעכ-

טיגקייט דאן אויך דריקט ער זיך אוים אין תפילות שבח. זינגט דוד המלך: „טוב ד׳ לכל ורחמיו על כל מעשיו וכ׳— גאָט איז גוט צו אלעמען און זיין ערבארמונג איז איבער אלע זיינע ווערקע. אלע דיינע ברואים וועלען דיר לויבען און אלע דיינע חסידים וועלען דיר בענטשען״. און ווידער זינגט ער: „עושה משפט לעשוקים נותן לחם לרעבים וכ׳— ער טהוט גערעכטיגקייט צו די יעניגע וועלכע זיינען באַ־רויבט, ער שאַפט ברויט פאר די הונגעריגע, ער באפרייט די געבונדענע, ער עפענט די אויגען פון די בלינדע, ער גלייכט אויס די איינגעבויגענע״.

און אויך איז פאראן נאָך א סאָרט תפלה — תפלה של תודה, א תפלה פון דאנקבארקייט אין וועלכע דער מענש איז דאַנקבאַר צו גאָט פאר די חסדים וואָס ער טהוט מיט איהם, ווי צום ביישפיל די תפלה אין דער פרי: „מודה אני לפניך מלך חי וקים וכ׳ — איך דאנק דיר לעבעדיגער און אימער עקזיסטירענדער קעניג דערפאר וואָס דו האָסט מיר צוריק געגעבען מיין נשמה מיט ערבארמונג, גרויס איז דיין טרייהייט״. און ווידער אין דאוונען: „מודים אנחנו לך וכ׳ — מיר דאַנקען דיר וואָס דו ביזט אונזער גאָט און דער גאָט פון אונזערע עלטערען אויף אימער; דו ביזט דער פעלז פון אונזער לעבען, דער פאַנצער פון אונזער הילף, דו ביזט מיט אונז אויף אלע דורות; מיר דאנקען דיר און

דערציילען דיין לויב, ווייל אונזער לעבען איז אין דיינע הענד און אונזערע נשמות זיינען אין דיין באפעהל, און פאַר די נסים וואָס דו טהוסט מיט אונז יעדען טאָג וכ׳״.

א דריטער סאָרט תפלה איז תפלת הודוי — די תפלה אין וועלכער א מענש איז זיך מתודה אויף זיינע זינד און ער בעט גאָט פארגעבונג אויף זיינע מעשים וועלכע זיינען ניט נאָך גאָט׳ס ווילען. דיזע ווערען אמיינסטען געזאָגט יום כפור, ווען דער איד בעט גאָט דאָס ער זאָל איהם מוחל זיין די זינד וואָס ער האָט געטאָן אומגערן און מוטוויליג, פאַרבאָרגענערהייט און אפענערהייט, סיי וויסענדיג און סיי ניט וויסענדיג, מיט׳ן הארצען און מיט׳ן מויל אדער מיט׳ן האנד וכ׳.

איין אויסערגעוויינליכע תפלת הודוי איז פאַרפאַסט געוואָרען פון רבנו נסים: רבונו של עולם קודם כל דבר אין לי פה להשיב ולא מצח להרים ראש וכ׳. אין דיזער תפלה ווייזט ער די קליינקייט פון מענשען אין גאָטס גע־גענוואַרט, און די נאטירליכע און אומנאַטירליכע זינדען וואָס דער מענש באגעהט.

דער פערטער סאָרט תפלה איז של בקשה; דאָס הייסט, די תפלה וואָס א מענש איז מתפלל ווען ער דאַרף האָבען גאָטס הילפע; ווען ער איז פאראיינגט אדער פארדריקט, ווען ער איז קראנק אדער ווען האָפענונג איז פאַרשוואונ־

דען פון זיין הארצען, ווען ער איז מרה שחורה אדער ווען זיין גייסט איז פול מיט איבערנאטירליכע דאגות און שרעק, אָדער ווען א מענש איז אין דחקות אָדער אין אַנדערע דריקענדע אומשטענדען, דאן איז ער מתפלל צו גאָט אום געהאָלפען ווערען, דאָן ווען זיינע אייגענע קרעפטען זיינען צו קליין און צו שוואך זוכט ער געהילף פון הקב״ה. ווי מיר געפינען אין תהלים דאָס דוד המלך איז מתפלל צו גאָט ווען נאָר ער געפינט זיך אין א סכנה: „חנני ד׳ כי אמלל אני וכ׳ — גאָט, דערבארעם זיך אויף מיר, ווייל איך בין פאַראורמגליקט; גאָט, גיב מיר א רפואה, ווייל מיינע ביינער זיינען צעטרייסעלט, און מיין גייסט איז זייער צושראָקען, און גאָט ביז ווי לאַנג נאָך. גאָט, קעהר זיך און ראַטעווע מיין נשמה, העלף מיר צוליב דיין גענעדיגקייט״. און ווידער. „הטה אלי אזנך מהרה הצילני וכ׳ — קעהר דיין אויער צו מיר און ראַטעווע מיר גיך; זיי מיין מעכטיגער פעלז, מיין הויז פעסטונג אין העלפען מיר, ווייל דו ביזט מיין פעלז און מיין פעסטונג, און צוליב דיין נאָמען באַשיץ מיר און פיהר מיר וכ׳.״

אין דזשואיש סייענס גיבען מיר גרויס אויפמערקזאַמקייט צו אלע תפלות, אבער איבערהויפט צו תפלה של בקשה. ערשטענס, ווייל אין דעם סאָרט תפלה ליגט א עיקר פון אמונה. ווען א מענש בעט גאָט דאָס ער זאָל איהם

העלפען גלויבט ער פריער אז גאָט קען העלפען, אז ער איז א רחום וחנון און וועט ניט פארלאָזען און דעריבער איז ער מתפלל צו איהם; און צווייטענס, ווען דער מענש איז צו־גערדריקט, אָדער ווען ער איז אין שמערצען און ער קען זיך אליין ניט העלפען און אנדערע קענען אויך ווייניג טאָן פאר איהם, דאן קען דער מענש זיין זיכער אז גאָט איז זיין איינציגער העלפער, גאָט וועלכער האָט איהם געגעבען לע־בען וועט איהם אויך געבען א רפואה און קראפט און פרנסה.

אין דזשואיש סייענס גיבען מיר גרויס אויפמערקזאם־קייט צו תפלת היחיד, דאָס הייסט צו די תפלות וואָס יע־דער איינציגער דארף זאָגען אדער האלטען אין הארצען פאַר זיך זעלבסט, פאר די זאכען וואָס ער אליין דאַרף. אויף דיזען סאָרט תפלה האָט רבי שמעון געזאָגט: „אל תעש תפלתך קבע אלא רחמים ותחנונים לפני המקום" — מאַך ניט דיין תפלה א באשטימטע זאַך (וואָס דו האָסט א חוב דאָס אָפצוטאָן), נאָר בעט גאָט רחמים ווען דו ביזט אין איין עת צרה. אזא תפלה דאַרף דער מענש האָבען אין גע־דאנק ווען נאָר ער געפינט זיך אין א צושטאַנד אין וועל־כען ער דאַרף האָבען הילפע פון גאָט.

עס זיינען פאראנען פיל זאכען וואָס דער מענש קען טאָן פאַר זיך אַליין, און אויף דיזע זאַכען דאַרף ער ניט בע־

טען גאָטס הילף. גאָט האָט געגעבען דעם מענשען א פאר־שטאַנד און אנדערע כחות מיט וועלכע ער דארף טאָן גע־וויסע זאכען פאר זיך זעלבסט. דער מענש, צום ביישפיל, האָט די מעגליכקייט צו ארבייטען און זיך צו באשיצען, אויף דיזע זאַכען דארף ער דעריבער אָנווענדען זיינען איי־גענע קרעפטען. ער מוז אבער זוכען גאָטס הילף ווען זיינע אייגענע כחות זיינען צו שוואַך צו שטרייטען מיט די פראָבלעמען פון לעבען; ווען ער געפינט ניט קיין פרנסה אפילו ווען ער וויל ארבייטען, אָדער ווען זיין געזונד איז צובראכען, אדער ווען זיין גייסט איז פאראומעט אדער צעשטערט און פארקלעמט, דאן דארף ער אפעלירען צו גאָט, וועלכער האָט איהם געגעבען א נשמה און קיום, דאָס ער זאָל איהם העלפען, און זיין תפלה אויב עס איז גאנץ הערציג געאָפּפערט, וועט געווים געענטפערט ווערען. גאָט האָט געגעבען דעם מענשען דעם כח התפלה פונקט ווי ער האָט איהם געגעבען דעם כח השכל, כדי ער זאָל קריגען דורך תפלה דאָס וואָס זיין שכל אליין קען ניט ערייכען.

## פרק ג'

# די וועג פון בקשה

עס זיינען פאראנען פילע וועלכע זאָגען דאס מיר האָבען גאָט געבעטען אבער אונזערע תפלות ווערען ניט געענטפערט. און דאָס געפינען מיר איז גאנץ אָפט דער פאַקט; אָבער די אורזאכע דערפון איז דאָס דיזע מענשען פארשטעהן ניט ווי אזוי צו אָפּפערן א תפלה פון בקשה. פילע זיינען מתפלל אין ווערטער וועלכע זיי אַליין פאַר־שטעהן ניט; זיי פארלאָזען זיך אויף דעם וואָס גאָט וויים געוויס וואָס זיי זאָגען. דאָס איז אָבער ניט דער ריכטיגער וועג, ווייל אין תפלה מוז דער מענש אליין וויסען וואָס ער רעדט. ניט וויסענדיג וואָס ער אליין זאָגט קען ער נאטירליך ניט אריינגעבען זיין געדאנק אין וואָס ער איז מתפלל. לייי־ענענדיג א געבעט אפילו פאר א מלך בשר ודם און ניט פאר־שטייענדיג דעם אינהאלט פון דער בקשה, קומט דאָס אוים זייער קאָמיש, היינט ווי שוין א תפלה פאר'ן מלך מלכי המלכים אין וועלכע דער מתפלל אליין פארשטעהט ניט וואָס ער זאָגט. וואָס קען דאן דער מענש ערווארטען?

ווידער אנדערע זיינען מתפלל און פארשטעהן די ווער־טער, זייער הארץ איז אבער ניט אין דער תפלה; זיי זאָגן און זאָגן, און דער צונג געהט ווי א מאַשין, אבער דער געפיהל און גוסט פונ'ם מענשען ווערען דורך דעם ניט באַרירט, דעריבער קען דאס אויך ניט באַרירען רחמים פון גאָט.

אונזערע חכמים זאָגען אויפ'ן פסוק: ולעבדו בכל לבבכם ובכל נפשכם, איזה עבודה שהיא בלב — זו תפלה. אויך האָבען אונזערע ת"ח אונז פיעל געזאָגט וועגען תפלה בלחש, דאָס דער עיקר תפלה דארף דוקא געאָפּפערט ווע־רען אין דער שטיל. איין תפלה של תודה אָדער א תפלה של שבח אין וועלכע דער מענש לויבט און דאנקט גאָט קען מען אָפּפערן אין דער הויך און מיט געזאנג, ווייל אין דיזע תפלות זוכט דער מענש קיין זאך צו פּועלן ביי גאָט, דאָ דריקט ער נאָר אויס זיינע געפיהלען צו גאָט, און דאָס קען ער טאָן אויף יעדען אופן ווי ער וויל. עס איז אָבער אין גאנצען אנדערש ווען דער מענש אָפּפערט א תפלה של בקשה, דאָ מוז זיין תפלה געאָפּפערט ווערען לויט אונזער באגריף פון גאָט. ווען דער מענש מאַכט זיין בקשה אין דערהויך מיט קולות ווייזט ער דאמיט דאס ער באגרייפט דאָס גאָט איז נאָר אין הימעל און ער שרייט צו איהם. ווען דער מענש אָבער פארשטעהט אז „מלא כל

הארץ כבודו", אַז ער איז אומעטום און ער ווייס יעדער מחשבה פון מענשען, דאן אָפּפערט ער זיין בקשה נאר מיט'ן געדאנק.

א תפלה של בקשה דארף דאריבער ניט האָבען קיין שעהנע מליצות און עלעגאנטע אויסדריקע. אָט דאָס איז אפשר נויטיג ווען א מענש שרייבט א בקשה צו א מענשען, אָבער ניט ווען דער מענש מאַכט א בקשה צו גאָט. צו גאָט דארף מען נאָר געבען ערענסטקייט און אמונה און רעכט־הארציגקייט. אויך מוזען מיר זאָגען דאָס אין א תפלה של בקשה דארף מען זיך היטען ניט ארייננצומישען תהלות ותשבחות באשרייבענדיג די גרויסקייט פון גאָט, ווייל דעם כביכול דארף מען ניט איבעררריידען אָדער איינריידען דאָס ער זאָל ענטפערען דעם מענשענס בקשה. ער איז פול מיט רחמים און ער זוכט צו העלפען. לאָמיר דעריבער אויך זאָגען דאָס אין זיין בקשה דארף דער מענש ניט אויסרעכענען אלע זיינע שוועריגקייטען און צרות און פגעים וואָס ער טראָגט אריבער, ווייל ער שטעהט פאר גאָט וועלכער איז א יודע תעלומות, וועלכער ווייס אָט די אלע צרות וועלכע דריקען דעם מענשען; אין זיין תפלה דארף דער מענש נאָר אויסדריקען אין דער שטיל מיט'ן געדאנק די זאכען וועלכע פעהלען איהם.

אין תפלה של בקשה, געפינען מיר, שפילט די מחשבה

די גרעסטע ראָליע, דעריבער אין דזשוואיש סייענס אָפּפערן מיר בקשות צו גאָט אפילו אָהן ווערטער. מען פארמאַכט די אויגען און מען שלאָגט ארויס פון געדאנק עצבות און כעס און דאגה און אלע אנדערע קראנקע און אונריינע מחשבות, און דאַן לייגט מען דעם געדאַנק נאָר אויף דער זאַך וואָס מען פאַרלאַנגט פון גאָט ב"ה. ווען מען איז קראנק ר"ל, זעהט מען דאן מיט דער מחשבה ווי א געטליכער שטראָם קומט און פיהלט אָן דעם קערפער מיט געזונד און ענערגיע, איבערהויפּט די יעניגע טיילען פון גוף וועלכע ליידען דאָס מעהרסטע. ווען דער גייסט איז קראַנק און ער איז מרה שחורה'דיג, דאַן אין דער תפלה זעט מען במחשבה געטלי־כע שטראַלען דורכדרינגענדיג דעם גאנצען מח, אָנפיהלענ־דיג די נשמה מיט קלאָרקייט און שמחה. ווען די הארץ איז פאַרקלעמט מיט מורא און מיט דאגה, דאַן אין דער תפלה זעהט מען במחשבה געטליכע שטראַהלען וועלכע דרינגען דורך די הארץ און פילען איהר אָן מיט האָפנונג, מיט גבורה און בטחון. און אָט אזוי איז מען מתפלל מיט דער מחשבה אויף יעדער זאך וואו דער מענש אליין קען זיך ניט העלפען און זוכט הילף פון גאָט ב"ה. ווען חנה האָט מתפלל געווען ווייל זי איז געווען איין עקרה און האָט שטארק געוואָלט האָבען א קינד, זאָגט דער פסוק: „והיא מדברת על לבה" — און זי האָט גערעדט אין זיך, דאָס הייסט, זי האָט גע-

אָפּפערט איהר תפלה מיט דער מחשבה, און צום סוף יאָהר האָט איהר גאָט געגעבען א זוהן.

און אויב דער מענש געפינט דאָס זיין מחשבה איז צו־רודערט אדער צו שוואך דאָס ער קען ניט טאָן פיעל מיט איהר, דאן קען ער זיך באנוצען מיט ווערטער אבער אין דער שטיל און אָפּפערען זיין תפלה אויף דיזען שטייגער: ער זאָל ניט בעטען דאָס גאָט זאָל ערפיהלען זיין וואונש, נאָר ער זאָל מתפלל זיין און זאָגען דאס גאָט ערפילט שוין זיין וואונש. ער זאָל ניט זאָגען — גאָט גיב מיר וואָס איך געברויך; נאָר גאָט גיט מיר וואָס איך געברויך. און ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלען דערויף וואָס ער האָט נאָך ניט די זאכען אויף וועלכע ער איז מתפלל. ווען ער איז קראַנק זאָל ער איבער׳חזר׳ן עטליכע מאָהל אָט דיזע ווער־טער: „גאָט פיהלט אָן מיין קערפּער מיט געזונד און מיט קראפט; ער וועלכער האָט מיר באשאפען גיט מיר א רפואה צו אלע מיינע קראנקהייטען". ווען ער איז טרויע־ריג און מרה שחורה׳דיג דאן זאָל ער זאָגען אין זיין תפלה: „גאָט וועלכער איז דער קוואַל פון ליכט און זונענ־שטראַהלען מאכט מיין נשמה ליכטיג און פרייליך". און אויב זיין גייסט איז צורודערט און צוטרייסעלט און ער גע־פינט זיך ניט קיין מנוחה, דאַן זאָל ער מתפלל זיין: „גאָט וועלכער פיהלט אָן די גאַנצע נאטור מיט מנוחה, פיהלט

אויך אַן מיין הארץ און מיין נשמה מיט שטילקייט, און רוהיגקייט". אַט אזוי זאָל ער מתפלל זיין מיט די אויגען פארמאכט און מיט'ן קערפער אין א שטילער פּאָזיציע און מיט'ן האַרצען איבערגעגעבען אין בטחון צו גאָט.

דוד המלך פלעגט מתפלל זיין אויף דיזען אופן. ווען ער פלעגט זיך געפינען ארומגערינגעלט מיט פיעלע שונאים פלעגט ער מתפלל זיין: „ד' אורי וישעי ממי אירא וכ' — גאָט איז מיין ליכט און מיין הילף פאר וועמען דארף איך מורא האָבען?" אנשטאדט צו זאָגען: אוי גאָט, בעשיץ מיר און העלף מיר, פלעגט ער זאָגען: גאָט א י ז מיין העלפער . . . און אויך ווען ער איז אנטלאָפען פון שאול'ן און פלעגט זיך געפינען פארלאָזען און הונגעריג, פלעגט ער מתפלל זיין און זאָגען: „ד' רועי לא אחסר וכ' — גאָט א י ז מיין פּאַסטוך און מיר וועט קיין זאַך ניט פעהלען".

צו מען איז מתפלל מיט דער מחשבה אדער מיט די ליפּען, דער וואָס זוכט הילף פון גאָט ב"ה מוז אין זינען האָבען דאָס ער שטעהט ניט פאר א ווייטען אדער א פרעמ־דען גאָט, נאָר פאר דעם גאָט וועלכער האָט איהם באשאַ־פען, וועלכער איז דער קוואהל פון זיין לעבען, וועמענס קינד ער איז, און וועלכער זוכט איהם צו העלפען. אלעס וואָס דער מענש דארף איז אין גאַנצען זיך איבערצוגעבען אין גאָט'ס הענד און צו זיין ווילען. ווי דוד המלך האָט גע־

זאָגט: „גל על ד' דרכך ובטח עליו והוא יעשה" — גיב דיין וועג איבער צו גאָט, פארזיכער זיך אויף איהם און ער וועט שוין אלעס טאָן.

## איין ענטפער צו די וועלכע צווייפלען

גאנץ אָפט הערען מיר פון די יעניגע וועלכע האלטען זיך פאר חכמים, זיי זאָגען: ווי קען דאס זיין דאס גאָט, וועלכער איז אזוי גרויס און אזוי מעכטיג, וועלכער הערשט איבער גאנצע וועלטען, זאָל זיך צוהערען צו די בקשה פון זיין קליינע און אומווירדיגע באשעפעניש — מענש? ווי קען דאָס זיין דאָס ער, וועלכער איז די גאנצע אייביגקייט און די גאנצע קראפט פון אזא גרויסע און אומבאגרעניצטע וועלט, זאָל זיך קימערן וועגען א מענשענס באדערפענישען? און ווידער פרעגען זיי, ווי קען דאָס זיין דאָס גאָט וועל־כער האָט אזוי שטארק באגרינדעט די געזעצע פון דער נאַטור דאָס זיי ענדערן זיך ניט, זאָל דורך דעם מענשענס תפלה ענדערן דיזע געזעצע פון דער נאַטור און איהם אויס־היילען פון שרעקליכע קראנקהייטען?

אין דזשוואיש סייענס אָבער ענטפערען מיר אויף דער ערשטער פראגע, דאָס אויב הקב"ה האָט ניט געהאלטען צו נידעריג פאר זיין כבוד צו באשאפען דעם מענשען און אויך פילע אנדערע ברואים וועלכע זיינען נאָך פיעל נידע־

ריגער פון מענשען, האלט ער דאָס געווים ניט פאַר איין אום־כבוד איהם צו היילען און צו שטאַרקען און איהם צו העלפען אין אַלע היגזיכטען וואו דער מענש אַליין קען זיך ניט העלפען. אזוי לאנג ווי ער האָט אונז באשאפען זיינען מיר דאָך זיינע קינדער, און צו זיינע קינדער איז א פאָטער קיינמאָהל ניט צו גרויס. פארקערט, דער פאָטער וויל אַי־מער טאָן פאַר זיינע קינדער וואָס ער קען אום זיי צו העל־פען.

צו דער צווייטער פראגע — ווי קען דאס זיין דאס גאָט זאָל ענדערן די געזעצע פון דער נאַטור אום דעם מענ־שען צו היילען — זאָגען מיר דאס דער געזעץ פון דער נאַטור איז דאָס דער מענש זאָל זיין געזונד און שטארק און מונטער, דאַריבער קראַנקהייט און מרה שחורה זיינען געגען דעם געזעץ פון דער נאַטור. א תפלה אויף געזונד ווען דער מענש איז שלאַף, אָז׳ער אויף קלאָרקייט און פריי־ליכקייט ווען דער געדאנק איז צוטראָגען און פארפינס־טערט, ענטהאלט ניט קיין פארלאנג דאָס גאָט זאָל ענדערען דעם וועג פון דער נאַטור, נאָר פארקערט, דאָס ער זאָל צוריקשטעלען דעם געזעץ און צוריקגעבען געזונד און האָפנונג און שמחה צו דעם מענשענס הארצען.

## פרק ד׳

# דער געזונד

דער גרעסטער אוצר וואָס דער מענש האָט איז דער געזונד. ווען דער מענש פארלירט זיין געזונד וואָלט ער געוועזן גאנץ צופרידען אוועקצוגעבען אלעם וואָס ער באַזיצט אום דאָס צוריק צו געפינען. דער געזונד איז א מתנה פון גאָט ב״ה; דאָס פליסט פון דעם זעלבען קוואַל פון וואַנען דער לעבען קומט. לעבען און געזונד קומען פון גאָט. דעם רייכטהום וואָס דער מענש באזיצט ארום זיך איז גאנץ אָפט דער רעזולטאַט פון זיין אייגענע מיהע, אָבער וואָס ער באזיצט אין זיך קען דאָס נאָר זיין א געשאַנק פון גאָט. דער געזונד איז געגעבען געוואָרן צום מענשען נאָך לאנג איידער ער האָט באקומען דעם שכל ווי דאָס צו באשיצן און ווי דאָס טייער צו האלטען. געזונד איז געגעבען געווארען דעם מענשען נאָך איידער ער האָט געקענט זעהן די וועלט, נאָך איידער ער איז געבאָרען געווארען.

ווייל דער געזונד איז א נאַטירליכער טהייל פון מענשען, דארום דאַרף דער מענש ניט געהן און זוכען אום

דאָס צו געפינען, אלעס וואָס דער מענש דארף טאָן איז דאָס צו פאַרהיטען פון שאדען. מיר ווייזען אויף דאָס דער געזונד קען פארהיט ווערען ווען מען לעבט לויט די רעגע־לען פון דזשואיש סייענס. מיר זאָגען צום מענשען: לעבט רוהיג און מיידעט אוים אויפרעגונג, דער אויפרעגונג מאכט דעם מענשענס נערוועז שוואך און אונרוהיג. לעבט רוהיג און מיידעט אוים כעס, ווייל דער כעס איז פונקט ווי סם צום מענשענס געזונד, דאָס עסט אוים די ענערגיע און קרעפטען פון דעם מענשענס קערפער. שטענדיג לעבט אין שמחה און מיידט אוים זאָרג און טרויער, ווייל דיזע זא־כען פארפינסטערן דעם מענשענס נשמה און פארשוואַכען זיינע כחות. לעבט אין צופרידענהייט און מיידט אוים קנאה, ווייל דער וואָס איז מקנא געווינט ניט קיין זאך; פאַרקעהרט, ער פארלירט די פיינערע קרעפטען פון גייסט און פון גוף. לעבט אין הארמאָניע און אין ברידערשאפט מיט יעדערן, ווייל שנאה עסט אוים די האַרץ פון מענשען און פארביטערט דעם לעבען. לעבט שטענדיג מיט בטחון, ווייל אין בטחון וועט דער מענש געפינען דעם בעסטען שוץ געגען די שוועריגקייטען און די מלחמות פון לעבען. האלט דעם בטחון מיט'ן גאנצען הארצען און איהר וועט איבערצייגט ווערען דאָס הקב"ה גיט אכטונג אויף אלעס וואָס ער האָט באַשאַפען.

די פראגע וועט זיך אבער שטעלען, דאָס אויב גאָט גיט אַכטונג אויף אַלעמען, טו פון וואַנען נעמען זיך אָט די אַלע קראַנקהייטען ביים מענשען? דער ענטפער איז, דאָס קראנקהייטען קומען ניט פון גאָט, זיי קומען נאָר פון דעם מענשען אליין. דער מענש אליין איז פאַראַנטוואָרטליך פאר אלע יסורים וועלכע קומען אויף איהם. גאָט האָט באַשאַפען נאָר געזונד, ער האט אָבער געגעבען דעם געזונד לויט געוויסע רעגעלען און באדינגונגען פונקט ווי ער האָט באַשאַפען די נאַטור זעלבסט מיט געוויסע רעגעלען. די יעניגע וועלכע היטען אָפּ די חוקי הבריאות אָדער די רעגעלען וועלכע זיינען פארבונדען מיט דעם געזונד, זיינען אימער געזונד. די אָבער וועלכע זיינען שטענדיג עובר אויף דיזע רעגעלען פון געזונד ליידען שטענדיג פון קראנקהייטען.

רעגעלמעסיגקייט, צום ביישפיל, איז איינע פון די חוקים פון געזונד. גאָט האָט באשאפען דעם מענשען מיט געוויסע באגרענעצונגען, מיט געוויסע כחות, און דער מענש דאריבער קען טאָן אזוי פיעל און ניט מעהר. ווי איז אָבער ווען א מענש טהוט מעהר ווי ער קען, ארבייט פיעל מעהר ווי זיינע כחות ערלויבען איהם, דאן ווערט זיין געזונד צובראָכען און ער ווערט קראנק. דאס הייסט, ער אליין ברענגט אָן אויף זיך יסורים.

אָדער, צום ביישפּיל, דעם מענשענס קערפּער דאַרף האָבען א געוויסע מאָס שפּייז פאר ערנעהרונג. ווי איז אבער ווען דער מענש פיהלט אָן זיין קערפּער מיט א סך מינים פון רייכע שפּייזען וועלכע זיינע אָרגאַנען קענען דאָס גאָר ניט פארדייען, און אויב ער טהוט אזוי טאָג־טעגליך, דאן הערט אויף דער מאָגען צו ארבייטען נאָרמאל, און דער מענש ווערט קראַנק און ער ליידעט יסורים. דאָס זעלבע פאסירט ווען דער קערפּער, פאַרקערט, ווערט פאר־הונגערט און קריגט ניט גענוג שפּייז וואָס ער געברויכט, דאן ווערען אויך די קרעפטען שוואכער און דער געזונד ווערט רואינירט. דאָס איז ווייל דער מענש איז געבארען צו לעבען אין רעגעלמעסיגקייט.

אויך מוזען מיר ניט פארגעסען דאָס געוויסע שלעכטע געדאנקען דריקען זיך אויך אוים אין קראנקהייטען, סיי נערוועאישע אָדער קערפּערליכע קראנקהייטען. ווי מיר האָבען פריער געזאָגט, קנאה, שנאה, כעס, דאגה, פאר־דונקלען די נשמה און צוברעכען דעם קערפּער. דעם מענ־שענס גליק איז, דאָס כאָטש ער באַשאַפט פאַר זיך יסורים דאָך איז הקב"ה שטענדיג וויליג איהם צו העלפען ווען ער זוכט זיין הילף.

## פרק ח'

# שמערצען

די גמרה זאָגט „כל מה דעביד רחמנא לטב עביד — אלעס וואָס גאָט ב"ה טהוט איז צום גוטען". די פראגע איז דאן: ווארום האָט גאָט באשאפען שמערצען פאר'ן מענשען? וואָס איז געווען דער ציעל אין מאכען דעם מענשען אזוי פיעל ליידען? ווידער, ווי קען דאס זיין דאס גאָט וועלכער איז מלא רחמים, פול מיט ערבאהרמונג, זאָל מאכען זיינע קינדער אזוי פיעל ליידען? קען דאָס זיין דאָס יסורים זיינען נאָר א שטראָף, טו פארוואָס ליידען אלע גלייך, סאי צדיקים און סאי רשעים? דער ענטפער איז, דאָס שמערצען זיינען אין אמת'ן דעם אויבערשטענס שלוחים צו באשיצען דעם מענשען.

דער מענש קומט אויף דער וועלט אין גאנצען אומוויסענד און ער געפינט זיך אימער צווישען צוויי וועגען, צווישען דאָס וואָס איז גוט און דאָס וואָס איז שלעכט פאר איהם, צווישען זיכערהייט און געפאהר, צווישען דאָס וואָס איז הויך און נאָבעל און דאָס וואָס איז נידעריג און אונ-

ווירדיג. דער מענש האָט ניט קיינעם וואָס וועט איהם אנצייגען אויף יעדען שריט די זאכען וועלכע זיינען געזונד פאר איהם און די זאכען וועלכע זיינען שעדליך. דיזע לעהרע מוז דער מענש ערייכען פון זיך זעלבסט. די צוויי שלוחים וועלכע גאָט האָט באשאפען איהם צו פיהרען און צו לעהרנען זיינען אין דעם מענשען גופא: איינער איז שמערצען און דער צווייטער איז פרייד. די זאכען וועלכע ערנידערען די נשמה און צושטערען די כחות פון קערפער גיבען דעם מענשען שמערצען, אבער די אנדערע זאכען וועלכע ערהויבען זיין גייסט און פארמעהרען זיינע כחות גיבען איהם פרייד.

דארום זאָגען מיר דאס שמערצען זיינען ניט קיין קאַטאַסטראָפע צום מענשן, פאַרקערט, זיי זיינען אַ ברכה; זיי זיינען די סיגנאלען, די סימנים וועלכע זאָגען אָן פאָר־אוים דאָס געוויסע זאכען אין מענשענס לעבען זיינען שעד־ליך און דאָס ער מוז פון אָט דיזע זאכען פּטור ווערען, און וואָס שנעלער ער ווערט פון זיי פּטור אלץ בעסער איז דאָס פאר איהם, ווייל די שמערצען וועלען דאן פון איהם אוועקגעהן. פון וואנען, צום ביישפיל, וואָלט א קליין קינד געלעהרענט די סכנה פון פייער אויב ניט פון די שמערצען וואָס דער פייער גיט ווען ער רירט דאָס אָן? ווען ניט דיזע שמערצען וואָלט דאס קינד זיך געשפּילט און געשפּילט

מיט'ן פלאָם פון דער ליכט ביז וואנען די הענטעלע וואָלט צובראָכען געוואָרן. אָהן שמערצען, פון וואנען וואָלט דער מענש געוואוסט ווי זיך אבצוהיטען פון שעדליכע שפייזען און פון שעדליכע געטראנקען און פון סמ'עדיגע גאזען? איז ניט דער פאַקט דאָס ער לערענט פון די סכנה אין דיזע זאכען נאָר פון די שמערצען וועלכע זיי גיבען איהם נאָכ־דעם ווי ער האָט זיי אריינגענומען אין זיין קערפּער? פון וואנען ווידער וואָלט דער מענש וויסען ווי זיך אויסצו־היטען פון שלעכטע געוואָהנהייטען וועלכע רואינירען דעם קערפּער און ערנידעריגען די נשמה אויב ניט פון די יסורים וועלכע דיזע געוואהנהייטען ברענגען אויפ'ן מענשען? פון די אַלע זאכען וויסען מיר דאָס הקב"ה האָט באשאפען שמערצען כדי צו פיהרען דעם מענשען אין גלייכען וועג.

און דערצו האָט הקב"ה אויך געגעבען דעם מענשען פרייד כדי איהם צו צופיהרען צו די העכערע זאכען אין לעבען. די אורזאַך וועלכע מאַכט דעם מענשען שטרע־בען נאָך די בעסערע און העכערע זאכען איז די פרייד וואָס דיזע זאַכען שאַפען, און וואָס העכער די זאך איז אלץ טיפער איז די שמחה וועלכע זי ברענגט צום מענשענס גייסט.

אנדערע דענקען דאָס דער זוכען פון פרייד מאכט דעם מענשען עגאָאיסטיש, דאָס עס מאכט איהם צו זוכען

די זאַכען וועלכע זיינען גוט נאָר פאר זיין אייגענעם איך. דאָס איז אבער ניט ריכטיג. א מענש איז עגאָאיסטיש ווען ער זוכט פרייד אויף דעם רעכענונג פון די פרייד פון אַנ־דערע מענשען; אָבער ווען ער זוכט פרייד אין אַן אמת'ן, איבערהויפט ווען ער זוכט די העכערע שטופען פון שמחה, דאַן ווערט שמחה א הויכער אידעאל, און דער מענש ערייכט דאַן א הויכע מדרגה אין לעבען. די העכערע שטו־פען פון פרייד קענען נאָר ערייכט ווערען ווען דער מענש זוכט צו געבען פרייד צו אַנדערע מענשען. דאָס איז די נאַטור פון מענשען, דאָס וואָס מעהר ער פיהלט אַן די הער־צער פון אנדערע מיט שמחה אלץ מעהרער ווערט זיין איי־גענע הארץ אנגעפיהלט מיט שמחה און ערהויבענקייט. פרייד פיהרט דעם מענשען צו דאָס העכסטע, און שמער־צען זוכען צו פאַרהיטען דעם מענשען פון די נידעריגע זא־כען אין לעבען.

ווען יסורים הויבען אַן צו וויזיטען דעם קערפער דאַן מוז דער מענש וואָס שנעלער נאָכזוכען די אורזאכע דער־פון. ער טאָר זיך ניט באנוגענען מיט רפואות, ווייל רפואות קענען אמבעסטען אויסהעלפען נאָר אויף א מאָמענט, אבער זיי קענען ניט פאררריכטען א צושטערונג אין איין אָרגאַן בפרט, און אין קערפער בכלל. אזא צושטערונג קען נאָר געענדערט ווערען ווען דער מענש ענדערט זיינע וועגען,

זיינע שעדליכע געוואהנהייטען וועלכע האבען איהם גע־בראכט צו קראנקהייט. מיר מוזען האָבען אין זינען דאס א קראנקהייט איז אממעהרסטען דער רעזולטאט פון דעם וואָס א מענש איז עובר די געזעצען וואָס גאָט ב"ה האָט באַשטימט פאַר'ן לעבען. דארום יעדער זאַך וואָס איז צופיל איז ניט גוט פאר איהם. צופיל עסען, אדער צופיל ארבייטען, אָדער צופיל זאָרגען, אָדער צופיל אויפרעגונג, זיינען זאכען וואָס וועלען מיט דעם פארגאנג פון יאָהרען מאכען דעם מענשען קראנק. א מענש קען טרינקען א סך רפואות און דאך אויב ער לעבט אין שטענדיגע אויפרעגונג וועלען איהם די רפואות גאָר ניט העלפען, סיידען ער ענ־דערט זיין וועג אין לעבען. גאנץ אָפט דארף א מענש ענדע־רען אפילו זיין נאַטור אויב דאָס ענטהאלט שעדליכע ניי־גונגען. גאנץ אָפט מוז א מענש ענדערען געוואהנהייטען פון יאָהרען וועלכע טהוען שאָדען צו זיין גוף און זיין נשמה. די ארבייט איז גאָר ניט קיין לייכטע, אָבער דאָס מוז גע־טאָן ווערען. אין אמת'ן טאָר גאָר ניט זיין קיין צווייפעל וועגען אונטערנעמען אזעלכע ענדערונגען, ווארום אויב די שעדליכע וועגען זיינען ניט געביטען דאן וועט דער מענש אויפברייינגען אויף זיך מעהר יסורים און וועט פאר־קירצען זיין אייגענעם לעבען. אין אָט אזעלכע ענדערונגען ליגט די גאנצע זכיה פון מענשען. דער מענש האָט די

קראפט און די מאכט צו ענדערען ניט נאר זיין אויסערליכע וועלט אבער אויך זיין אינערליכע וועלט. ער קען ארויס־רייסען פון זיך נידעריגהייט און שלעכטיגקייט און פיהרען א ריינעם און א געזונטען לעבען פאר וועלכען גאָט ב״ה האָט איהם באשאפען.

נאטירליך, געוואוינהייטען און נייגונגען פון יאָהרען לאנג קען מען ניט אזוי גיך ארויסטרייבען פון זיך. זיי האַלטען זיך פעסט צום מענשען ווען זיי זיינען אמשעד־ליכסטען. אום פטור צו ווערען פון זיי מוז דער מענש אנ־ווענדען אלע זיינע פיינערע כחות און ער מוז זיי נאָכאַנאַנד פּלאגען און טרייבען פון זיך. איבערהויפּט מוז ער זוכען גאָטס הילף אין זיין קאמף געגען זיך זעלבסט, פּונקט ווי ער זוכט גאָטס הילף ווען ער איז קראנק; ווייל שלעכטע זיטען און שלעכטע געוואוינהייטען זיינען אויך קראנקהייטען, די קראנקהייטען פון דעם מענשענס גייסט.

ווען דער מענש בייט אוים שלעכטע וועגען אויף גוטע, און שעדליכע געוואוינהייטען אויף געזונטע, דאן פארזי־כערט ער זיך מיט געזונד און יאָהרען. דאָס מוז אבער נעמען צייט; וואָס זאָל ער אבער טאָן וואו ער ליידעט שמערצען און באלדיגע הילף איז נויטיג? ווען ער איז אין אַזאַ צושטאַנד קען דער מענש געהאָלפען ווערען ווען ער זוכט באלד די הילף פון גאָט. זיין תפלה מוז זיין מיט

דער מחשבה און ניט מיט׳ן מויל. ער מוז אין זיין בקשה זעהן מיט׳ן געדאנק א שטארקען שטראָם קומענדיג פון אייבען און אריינפליסען אין זיין קערפער און דורכדרינגען דעם אָרט פון וואנען די שמערצען קומען און אויסוואשען פון דאָרט אלע יסורים.

אין אַזאַ תפלה ווי אין אלע בקשות פאר געזונד מוז דער גוף און דער געדאַנק זיין אין א רוהיגען צושטאנד. עס טאָרען ניט זיין קיינע קרעכצען און קיינע באקלאָגונ־גען. דער קראנקער ליגט אָדער זיצט זייער רוהיג מיט די אויגען פאַרמאַכט, און מיט׳ן געדאַנק אָפּפערט ער זיין תפלה. דאָס דאַרף ער טאָן אומגעפעהר פון צעהן צו פופ־צעהן מינוטען, און נאכהער וועט ער זיך פיהלען פיעל בע־סער. נאַטירליך דאַרף ער דאס זעלבע טאָן אָפט ביז זיין שטאַנד איז אין גאַנצען פאַרבעסערט.

ווען אָבער דער קראַנקער איז אין אזעלכע שמערצען דאָס זיין מחשבה קען זיך ניט איינשטילען און זיך קאָנ־צענטרירען אין געבעט, דאן קען דער חולה ענדערען דעם אופן התפלה, און ער קען אייניגע מאָל זאָגען מיט די ליפען דיזע ווערטער: „גאָט ב״ה וואשט אוים אלע יסורים פון מיין... (דאָ דאַרף ער דערמאָנען דעם אָרגאַן אָדער דעם טייל פון קערפער וועלכער גיט איהם די שמערצען) און ער גיט מיר צוריק מיין געזונד״. די תפלה מיט׳ן מויל

פונקט ווי די תפלה מיט דער מחשבה מוז געאַפּפערט ווע־
רען ווען דער מענש איז אין גאנצען רוהיג מיט די אויגען
פארמאכט. די ווערטער דארפען איבערגעזאָגט ווערען
זייער לאַנגזאַם אייניגע מאָל, און די תפלה וועט געווים
געענטפערט ווערען.

ווען איין אנדערער איז מתפלל פאר דעם חולה, דאַן
מוז ער טאָן דאָס זעלבע וואָס דער חולה אליין וואָלט גע־
טאָן פאר זיך. דאָס הייסט, ער מוז זיך און דעם קראַנקען
צוערשט צוגרייטען. דאַן מוז ער און דער חולה פאַרמאַ־
כען די אויגען און ער איז מתפלל פאר איהם מיט זיין
מחשבה. ער זעהט מיט'ן געדאַנק א שטראָם קומענדיג פון
אויבען און דרינגט דורך אין דעם חולה'ס גוף און וואַשט
אוים און רייניגט אוים די שמערצען פון דעם גליעד אדער
אָרגאַן, און דאַן זעהט ער מיט דער מחשבה דעם חולה
פאָלקאָם געזונד. אנשטאַדט פון נוצען ווערטער בעטענדיג
גאָט דאָס ער זאָל שיקען א רפואה שלמה צום קראַנקען,
זעהט ער מיט דער מחשבה ווי די רפואה איז שוין געקו־
מען. אזאַ תפלה געפינען מיר פון אונזערע אייגענע ער־
פאַהרונגען ווערט גיכער אָנגענומען.

ווען איינער איז מתפלל פאר א חולה נים אין זיין
געגענוואַרט, דאַן מוז דער מתפלל זיך האַלטען אין יעדען
הינזיכט פונקט ווי דער חולה וואָלט געוועזן מיט איהם.

ער מוז זעהן דעם חולה אין זיין מחשבה פונקט ווי ער וואלט זיצען פאר איהם. דאן זעהט ער דעם זעלבען שטראם ווי עס קומט פון אויבען און רייניגט אוים פון דעם חולה׳ס קערפער אלע שמערצען און אלע ליידען. אזא תפלה מיט דער מחשבה אויב דאס איז געאפפערט מיט אמונה און מיט׳ן גאנצען הארצען ווערט אימער גענטפערט סיי אין דעם גענענוווארט פונ׳ם חולה און סיי אין זיין אבוועזענהייט.

ווען די יסורים הויבען אן אוועקצוגעהן זאל דער חולה זיך ניט באנוגענען דערמיט אליין, ער מוז אבער אנפאנגען צו ענדערען די שלעכטע הרגלים וועלכע האבען איהם געבראכט צו זיין קראנקהייט אדער צו די יסורים פון וועלכע ער האט געליטען כדי דיזע ליידען זאלען ניט ווידער קומען צו איהם. ער מוז ענדערען זיין לעבען פון אויפרעגונג אויף א לעבען פון רוהיגקייט, זיין לעבען פון כעס אויף א לעבען פון שלום, א לעבען פון קנאה אויף א לעבען פון צופרידענהייט, א לעבען פון דאגה אויף א לעבען פון בטחון, דאן וועט ער מעהר ניט וויסען פון קיינע שמערצען און פון קיינע קראנקהייט. עס מוז נעמען, נאטירליך, קראפט און געדולד אום צו מאכען דיזע ענדערונגען, אבער א מלחמה געגען זיך זעלבסט איז א הייליגע מלחמה און דיזער נצחון איז דער גרעסטער

וואָס א מענש קען האָבען אין לעבען, ווי די חז"ל האָבען געזאָגט: איזהו גבור הכובש את יצרו. דער וואָס זוכט ערענסט און מיט'ן גאַנצען הארצען צו לעבען א פיינעם און איינגעהאַלטענעם און גייסטליכען לעבען קען ניט דורכפאַלען, ווייל דער אייבערשטער אַליין העלפט איהם, ווי די גמרא זאָגט: הבא לטהר מסעיין אותו, מען העלפט איהם מן השמים צו דערגרייכען אזא ציעל.

## פרק ו׳

# דער שלאָף פון מענשען

דער שלאָף איז איינע פון די גרעסטע באגאבונגען וואָס דער מענש האָט. אין שלאָף ווערען אלע שוועריגקייטען פון לעבען פאַרגעסען. אלע דאגות, אלע קאמפען, אלע שנאות, אלע קנאות, אלעס, ווערט שטיל. אינ׳ם שלאָף גיט דער מענש אָפּ אלע זיינע כלי זין מיט וועלכע ער קעמפט זיין לעבענס קאמף און ער גיט זיך איבער אין די הענד פון זיין באַשאַפער. אין די שטונדען פון זיין שלאָף איז דער מענש אין גאנצען אונטער דער השגחה פונ׳ם בורא; דאַרום אין שלאָף ווערען אלע גלייך, דער רייכער און דער אָרעמער, דער הערשער און דער קנעכט, און אלע אונטערשיידען צווישען מענשען ווערען פארגעסען און אלע שוועריגקייטען ווערען פארשוואונדען. אלע אברים רוהען זיך אָפּ פון דער טעגליכער ארבייט, און אלע אָרגאנען און אלע נערוועז ווערען אנגעפילט מיט נייע קראַפט און נייע מאַכט.

ווען דער מענש לעבט בייטאָג אין א נאַרמאלען וועג

דאָן איז זיין רוהע ביי דער נאכט אויך נאָרמאל און רוהיג. א נאָרמאַלער לעבען הייסט ווען דער מענש לעבט אינ׳ם וועג ווי גאָט ב״ה האָט איהם באַשאַפען צו לעבען. צום ביישפיל, עס איז דער ווילען פון גאָט דאָס דער מענש זאָל לעבען אָהן אויפרעגונג. פונקט ווי אלעס וואָס גאָט האָט באַשאַפען אין דער נאַטור איז רוהיג אזוי מוז אויך דער מענש, וועלכער איז א טהייל פון גאָטעס שאפונג, אויך לע־בען רוהיג. דער גערויש און די שטענדיגע אויפרעגונג און די מהומה מיט וועלכע דער מענש ארבייט, איז אין גאנצען פרעמד צו זיין נשמה. דיזע וועגען זיינען די שאפונגען פון דעם מענשענס ציוויליזאציאָן אָבער ניט פון גאָט, דאָס הייסט, זיי זיינען ניט קיין אינערליכער טייל פונ׳ם נפש ווי גאָט האָט געפלאַנט דאָס דער מענש זאָל לעבען. דער מענש איז באַשאַפען געוואָרען צו טאָן זיין ארבייט, אפילו די שווערסטע, מיט רוהיגקייט; צו געהן און ריידען און ארבייטען און האַנדלען מיט רוהיגקייט. ווען ער פיהרט זיך אויף אזוי דורכ׳ן טאָג, דאָן, ערשטענס, דאָס וואָס ער טהוט אויף איז דאָס בעסטע וואָס זיין געדאנק קען באשאפען, ווייל ווען דער געדאנק איז רוהיג דאן ארבייט ער אמ־שאַרפסטען. און צווייטענס וועלען זיינע נערוועז ניט אזוי גיך אויסגעמאַטערט ווערען און זיין ענערגיע וועט ניט אזוי שנעל אויסגעשעפט ווערען, און ער וועט אימשטאַנד

זיין צו רוהען בשלוה דורך די שטונדען פון דער נאכט, נאָך א רוהיגען טאָג קומט אימער א רוהיגע נאכט.

ניט נאָר מוז א מענש לעבען רוהיג ער מוז אויך לע־בען אָהן זאָרג. דאגה, מעהר ווי אויפרעגונג, צושטערט דעם מענשענס רוהע און זיין שלאָף. מענשען וועלכע טראָגען אין זייער הארצען אמת'ע אמונה און בטחון אין גאָט האָ־בען ניט קיינע דאגות. זיי פארזיכערען זיך אויף גאָט דאס אלעס וועט זיין גוט, און אלעס איז גוט. דאגה און בטחון קענען ביידע ניט עקזיסטירען צוזאמען; דער מענש האָט אָדער בטחון אָדער דאגה. ווען דער מענש איז איבער־צייגט דאָס גאָט ב"ה גיט איהם דורך דיזען וועג אָדער דורך יענעם וועג אלעס וואָס ער באדארף, דאָס ער בא־שיצט און ערהאלט איהם און שטארקט איהם, דאן האָט דער מענש גאר ניט וואָס צו זאָרגען. ווען דער מענש פאר־געסט אבער דעם טייל און דעם אינטערעס וואָס גאָט ב"ה האָט אין זיין לעבען און ער ערלויבט זיין געדאנק אנגעפילט צו ווערען מיט דאגות, דאן ווערען זיינע כחות גיך אויסגע־וועבט און זיין קערפער ווערט פארשוואכט. ער ווערט גיך פארמאַטערט און קען ניט רוהען און קען ניט שלאָפען.

א נאָרמאַלער לעבען איז דארום א לעבען אָהן אויפ־רעגונג אָהן דאגות, און אַ לעבען מיט אמונה און בטחון. מיר געפינען אָבער דאָס א נאָרמאַלער לעבען מוז אויך

האָבען מיטעלמעסיגקייט און רעגעלמעסיגקייט. ער מוז עסען און טרינקען און אַרבייטען אַלעס מיט אַ מאָס. ער מוז לערנען און זיך איינגעוואָהנען צו זיין דער הערשער פון זיין יצר. ער טאָר זיך ניט אָנפילען מיט צו־פיל שפייז כדי צופרידען צושטעלען זיין יצר. אויך טאָר ער ניט זיך איבערגעבען צו תאוות וועלכע צושטערען דעם גוף און פאַראומרייניגען די נשמה. דער צופיל פון דיזע זאכען אויסער דעם וואָס דאָס איז אַ פאַרברעכען געגען גאָט, אין דאָס אויך אַ פאַרברעכען געגען זיך זעלבסט, דאָס צושטערט דעם נאָרמאלען לעבען.

וועגען מעסיגקייט אין שלאָפען מוז מען געדיינקען דאָס צופיל שלאָפען איז שעדליך, אפילו מעהר אומגעזונד ווי צו ווייניג. דאָס מאַכט דעם מענשען פויל און נאכלעסיג; דאָס צושטערט די שארפקייט פון געדאנק און פאַרטעמפּט די פיינערע געפיהלען, און דאָס פאַרשטאַרקט די תאוות פונ׳ם מענשען, און האלט דעם מענשען צוריק פון די העכערע זאכען אין לעבען. לויט די חז״ל צופיל שלאָפען איז איינע פון די זאכען וועלכע פאַרקירצען די יאָהרען.

און ווידער פאַרקערט, צו ווייניג שלאָפען איז אויך אומגעזונד, ווייל דער קערפּער פון מענשען איז אזוי געבויט דאָס ער מוז האָבען געוויסע שטונדען יעדען טאָג צו רוהען. דער מח מוז אויך האָבען אַ געוויסע פעריאָדע יע־

דען טאָג ווען ער קען אין גאנצען פארגעסען די טעגליכע ארבייט, און צו דער זעלבער צייט, אָנגעפילט ווערען מיט פרישע ענערגיע און קראפט. עס איז ניט לייכט צו באַשטימען וויפיל שטונדען א טאָג דער מענש זאָל שלאָפען, ווייל פארשידענע מענשען געברויכען פארשידענע מאָסען פון רוהע. אויך זיינען פאראנען מענשען מיט שוואַכע נערוועז און ווערען גיך פאַרמאַטערט, זיי געברויכען מעהר שלאָף ווי אנדערע. און ווידער, קינדער און די יונגע וועלכע האַלטען אין וואַקסען געברויכען מעהר שלאָף ווי ערוואקסענע. דאָך לויט די חז״ל איין דריטעל פונ׳ם מעת לעת זאָל געגעבען ווערען צום שלאָפען. פילע קענען אויסקומען מיט ווייניגער, אָבער ניט פילע ערוואקסענע מענשען זאָלען שלאָפען מעהר ווי די אַכט שטונדען.

עס איז אויך וויכטיג דאָס דער מענש זאָל געהן רוהען אין א געוויסע, רעגלעמעסיגע צייט. אונזער יעצטיגע מעטאָדע פון לעבען איז ניט נאָך דעם וועג ווי גאָט ב״ה האָט באַשטימט אין דער נאַטור. דער מענש פליהט און לויפט און געהט רוהען צו יעדער צייט ווען איהם געפעלט, פרי אָדער שפעט אדער גאָר שפעט. אין אמת׳ן אָבער איז פיל בעסער ווען דער מענש האָט א באַשטימטע צייט ווען צו געהן רוהען. נאָך אלעמען איז דער מענש א טייל פון דער נאַטור וועלכע גאָט האָט באַשאַפען, און אין דער נאַטור

איז יעדער זאַך געשטעלט אויף רעגעלמעסיגקייט. אין תהלים איז אנגעוויזען דאס ידע שמש מבואו — די זון ווייס די שטונדע ווען זי דארף אונטרעגעהן. און דאס איז נאָר בדרך מליצה צו ווייזען דאָס די נאַטור איז געשטעלט געוואָרען אויף רעגעלמעסיגקייט. אזוי איז אויך מיט די לבנה און מיט די שטערען, אזוי איז אויך מיט אלע ברואים פון דער נאַטור דאָס זיי ווייסען די שטונדע ווען זיי דאר־פען זיך צוריקציהען פון וואַכונג און געהן רוהען. דער מענש איז דער איינציגער פון אלע ברואים וועלכער האָט ניט קיינע באשטימטע שטונדען ווען זיך צוריקצוציהען פון זיינע אנשטריינגענדען טאָג און רוהען. דאָס איז ניט ווייל דער מענש ברויכט ניט צו האָבען אַזאַ באַשטימטע צייט, דאָס איז נאָר ווייל ער אליין מוז באשטימען זיין געוויסע צייט ווען צו רוהען, און אויב ער באשטימט ניט אַזאַ צייט טוט דאָס איהם פיל שאָדען. דער מענש האָט דאָ באַשאַפען פאר זיך אלערליי נאַכטיגע אמוזירישע זאכען, אלערליי רעגענדע סצענעס, אום זיך צו האלטען ערוואכט ביז שפעט אין דער נאכט און אוועקרויבענדיג פון זיך דערביי די נויטיגע שטונדען פון רוהע וועלכע זיין קערפער געברויכט. דערביי נעמט ער אויך אוועק פון זיך דאָס וואָס איז נאַטירליך פאר איהם און בייט דאָס אוים אויף דאָס וואָס איז ניט נאַטירליך; ער בייט אוים רוהע אויף אונרוהע.

נאַטירליך קען אַ מענש האָבען זיין שטונדע פון אַמוזירען, אָבער דאָס טאָר ניט אוועקנעמען פון איהם זיינע נויטיגע שטונדען פון רוהע. קיינע אמוזירונגען וועלען טאָן דעם מענשען די גוטעס וואָס רוהע וועט איהם טאָן.

אום צו שלאָפען רוהיג און אומצושטערט, מוז מען אימער פאר׳ן שלאָף האלטען א תפלה אין געדאנק, דאָס הייסט, אויסער די תפלה פון קריאת שמע. איבערהויפט די יעניגע וועלכע ליידען פון שלאָפלאָזיגקייט, וועלכע קע־נען ניט רוהען צוליב שלעכטע מחשבות און דאגות, וועלען אויסגעפינען דאָס דורך תפלה וועלען אַלע בייזע געדאַנקען פאַרשווינדען און דער געדאנק וועט קענען רוהען. דאָס וואָס גאָט האָט באַשאַפען קען נאָר גאָט אליין פאַריכטען; שלאָף איז גאָטס מתנה און ער אליין קען דאָס צוריק גע־בען, דאַרום האָט תפלה אזא גרויסען כח.

א תפלה פאר׳ן שלאָף מוז געאָפערט ווערען מיט פאַר־מאַכטע אויגען און מיט דער מחשבה. עס דאַרף זיין קורץ, אָבער דער געדאנק מוז לאנגזאם דאָס איבערזאָגען איינעגע מאָל. אָט דיזע זיינען די ווערטער: „מיין באשעפער גיט מיר שלאָף און רוהע, איך רוהע מיט גאָט”. און רוהע און שלאָף וועט קומען.

ווען שלאָף איז צושטערט אלס א רעזולטאט פון א טי־פען צער וואָס דער מענש האָט געהאט, אָדער צוליב שווע־

רע דאגות וועלכע האָבען איהם באהערשט, דאַן מוז ער זעהן מיט אלע כחות צוערשט ארויסטרייבען פונ׳ם געדאנק די אלע שלעכטע מחשבות. דאָס קען געטאָן ווערען דורך תפלה, און אויך ווען דער געדאנק קאנצענטרירט זיך אויף האָפנונג און אויף שמחה און בטחון. ווען דיזע געדאנקען קריגען די אויבערהאַנד דאן ווערען די פינסטערע געדאנ־קען אונטערטעניג און שוואַך ביז זיי ווערען אין גאנצען פארשוואונדען.

ווען מען געהט שלאָפען טאָר מען ניט האלטען אין זינען דעם געדאנק דאָס מען וועט ניט קענען אנטשלאָ־פען ווערען, אדער דאָס דער שלאָף וועט זיין א צושטער־טער, אדער דאָס מען וועט זיך ערוואַכען אין א פאָר שטונ־דען ווי עס איז געשעהן אין פריערדיגע נעכט. אָט אזעלכע מחשבות האלטען דעם שלאָף צוריק פונ׳ם מענשען. אזעלכע מחשבות זיינען ניט נאָר שטערענד, אבער זיי ווייזען אויך דאָס דעם מענש וועלכער גיט זיך איבער צו זיי האָט ניט קיין אמונה און קיין בטחון אין גאָטס מאכט און אין זיין גוטסקייט. תפלות וועלכע ווערען געאָפּפערט מיט א צווייפעלדיגען געדאנק ווערען ניט אָנגענומען.

אויך זאָל דער שלאָפלאָזיגער זיך ניט צווינגען צו שלאָפען, ווייל דער צווינגען האלט דעם געדאנקען מעהר און מעהר ערוואַכט. דער שלאָף קומט נאָר פרייוויליג, און

דער אנשטרענגונג איהם צו כאפען טרייבט איהם אלץ ווייטער אוועק. דער שלאָפלאָזיגער וועלכער האלט אין איין זאָגען: „איך ווייס דאָס איך וועל ניט שלאָפען, איך ווייס דאָס איך קען ניט רוהען”, איז ווי דער חולה וועלכער האלט אין איין דיינקען דאָס ער וועט שוין קיין מאָל געזונד ווערען. נאַטירליך זיינען אזעלכע מחשבות זייער שעדליך און מאכען דעם צושטאַנד פיל ערגער. ווען מען האָט ניט קיין בטחון און מען ערווארט גארניט, דאַן קומט גאָרניט. ווען מען האָט אָבער אמונה, און מען ערווארט דאָס בעסטע דאַן ווערט דאָס בעסטע צוגעשיקט.

דיזע פסוקים זאָלען געזאָגט ווערען יעדע נאכט איבערהויפט ביי די יעניגע וועלכע ליידען פון שלאָפלאָזיגקייט:

אם תשכב לא תפחד ושכבת וערבה שנתך.
ד׳ שומרך ד׳ צלך על יד ימינך.
יומם השמש לא יככה וירח בלילה.
לא תירא מפחד לילה מחץ יעוף יומם.
ד׳ ישמרך מכל-רע ישמר את-נפשך.
בידך אפקיד רוחי פדית אותי ד׳ אל אמת.
אני שכבתי ואישנה הקיצותי כי ד׳ יסמכני.

פרק ז'

# דער אייביגער לעבען

עס איז פאראן א טיפע שטרעבונג אינ'ם מענשענס נשמה צו לעבען אייביג; דאס הייסט, צו לעבען א הימעל-שען לעבען נאכ'ן טויט. אזא שטרעבונג אליין איז א גרויסער באווייז אויפ'ן אמת פון השארת הנפש. ווייל די זאכען נאך וועלכע דער מענש שטרעבט זיינען ניט קיין אויסגעטראכטע זאכען; זיי עקזיסטירען אלס א שטרעבונג אינ'ם מענשען ווייל זיי האבען איין עקזיסטענץ אין דער וועלט. גאט ב"ה האט ניט באשאפען דעם מענשען אום איהם אפצונארען, ער האט ניט אריינגעזעצט אין זיין נשמה שטרעבונגען אום איהם צו פארפיהרען. פארקערט, אזוי גיך ווי מען ווייס דאס א געוויסע שטרעבונג לעבט אינ'ם מענשען, דאן ווייס מען אויך דאס דער ציל פונ'ם שטרעבען האט איין אמת'ן עקזיסטענץ.

אבער מיר קענען דאס פארשטעהן אביסעל בעסער ווען מיר רעאליזירען דאס דעם מענשענס לעבען ווי אויך דער לעבען פון דער נאטור זיינען געטליכע אויסדריקע;

דער מענש איז א געטליכער פונק געקליידעט אין פלייש און בלוט. דער אמת'ר אינהאלט פונ'ם מענשען, דאס הייסט, זיין לעבען, זיין קראַפט צו דיינקען, צו פיהלען, צו שטרעבען, אין קורץ, זיין נשמה, איז אין גאנצען געטליך. ווען מיר זאָגען דאָס עס איז געטליך מיינען מער ניט דאס עס איז א געטליכע מתנה, פונקט ווי די [illegible] וואָס א מענש גיט צו אַ מענש'ן און נאָכדעם ווי עס ווערט אַוועקגעגעבען האָט דער געבער דערמיט מעהר קיינע שייכות. דעם מענשענס נשמה איז פונקט ווי א שטראהל פון א געטליכע ערלייכטונג. גאָט גיט ניט אוועק דעם שטראהל, ווייל דער שטראהל קען ניט עקזיסטירען אָפּהענגענד פון די ליכט. דיזער שטראַהל וועלכער איז דעם מענשענס נשמה קען קיין מאָל ניט פארלאָשען ווערען, ווייל ער קומט פון דער אייביגער ליכט, פון גאָט. דעם מענשענס נשמה איז אונשטערבליך, ווייל דער קוואַל פון וועלכען זי ציהט זיך איז אונשטערבליך.

מיר זיינען איינגעוואָהנט צו דיינקען דאס מיר באַקומען אונזער לעבען פון אונזערע עלטערען, דאָס זיי זיינען אונזערע שעפער. אין אמת'ן אָבער זיינען עלטערען ניט מעהר ווי שלוחים. אויב עלטערען וואָלטען געווען שעפער דאן וואָלטען זיי געקענט באַשטימען פאָראויס, איידער דאָס קינד ווערט געבאָרען, די נאַטור וועלכע ער זאָל באַ־

זיצען, פונקט ווי די שעפער פון א זאך באשטימען פאַר־
אוים די נאַטור פון דער זאַך וועלכע זיי שאפען. דער פאַקט
איז דאָס עלטערן ווייסען ניט פאָראויס אפילו דעם גע־
שלעכט פונ׳ם קינד; נאַטירליך ווייסען זיי ניט די געפיהלען
און די געדאנקען און די שטרעבונגען וועלכע וועלען שפע־
טער זיך אויסדריקען דורך זייער קינד. דאָס ווייזט דאס
עלטערען זיינען ניט מעהר ווי שלוחים אום צו געבען דעם
מענשען זיין גוף; זיין גייסט, אדער די קראפט פון זיין לע־
בען, קריגט ער פון גאָט ב״ה. און פונקט ווי עלטערען גיבען
דעם קערפער פון זייער אייגענעם קערפער, אָט אזוי אויך
גיט דער אויבערשטער דעם גייסט פון זיין אייגענעם אונ־
ענדליכען גייסט. ער אַליין לעבט אייביג, דאַריבער יעדער
טייל פון זיין גייסט האָט אויך איין אייביגען לעבען. דער
מענש האָט דאַרום איין אייביגע עקזיסטענץ.

דער קערפער אַליין רעכענט זיך פאַר ווייניג אפילו דאָ.
אפילו אין דעם יעצטיגען לעבען איז דער קערפער ניט
מעהר ווי א פיזישער אינסטרומענט אום צו פארווירק־
ליכען די שטרעבונגען פונ׳ם גייסט. מיר פיהלען זייער ווע־
ניג די טיילען פון קערפער, אָבער מיר פיהלען אימער די
טיילען פון אונזער גייסט. מיר פיהלען ניט דעם מח, אבער
מיר פיהלען אימער די געדאנקען פונ׳ם מח. זייער זעלטען
פיהלען מיר די פיזישע הארץ, אבער מיר פיהלען אימער די

געפיהלען, די האָפנונגען, די שטרעבונגען פון דער הארץ. שטענדיג שפילט די גייסטיגע זייט די גרעסטע ראָליע אין אונזער לעבען. אינ׳ם אייביגען לעבען, וועלכער איז א סך א העכערער און א ריינערער לעבען, איז דער קערפּער אין גאנצען איבעריג. מיר לאָזען איהם איבער דאָ און מיר ווערען באפרייט פון זיינע שוואכקייטען. ווי די חז״ל האָ־בען באשריבען דעם אייביגען לעבען אלס אן אָרט „וואו מען עסט ניט און מען טרינקט ניט און מען האָט ניט קיינע קערפּערליכע פארגעניגען״, אבער דאָס איז אן אָרט וואו פאַרגעניגען איז אין גאנצען גייסטליך, דאָס קומט מזיו השכינה. אינ׳ם אייביגען לעבען איז דער מענש אין גאַנצען פריי פון זאָרג, פריי פון מורא, פון ערביטערונג, פון שנאה, פון קנאה און פון אלע זאכען וועלכע באלעסטי־גען דעם מענשען צוליב דעם קערפּער.

וואָס מעהר מיר באטראכטען די נאטור פון טויט אלץ מעהר זעהן מיר, אז דאָס איז א סטאַציאָן ביי וועלכע דער מענש ערייכט א העכערען לעבען. דורך די צייט פון אונזער יעצטיגען לעבען געהן מיר אויך דורך פילע טויטען כאָטש מיר רופען דאָס ניט ביי דיזען נאָמען. איין פעריאָדע שטאַרבט אָפּ און מאַכט אימער פּלאַץ פאר א העכערע פעריאָדע. צוערשט לעבען מיר דורך די פעריאָדע פון קינד־הייט; דאָס שטאַרבט אָפּ און מאכט פּלאַץ פאר יוגענד

וועלכע איז א העכערע פעריאָדע; דאַן שטראַבט אַפּ דער יוגענד און מאכט פלאַץ פאר'ן ערוואקסענעם מענשען; און דיזע פעריאָדע שטארבט אַפּ און מאכט פלאץ פאר דער עלטער, און דאן שטארבט אויך אַפּ דער עלטער און מאכט פלאץ פאר'ן אייביגען לעבען.

דער מענש מוז דעריבער קיין מורא ניט האָבען פאר'ן טויט. גאנץ אָפט שרעקען זיך מענשען פאר'ן טויט, ווייל זיי פארשטעהן איהם ניט; מענשען קוקען אָפט אויפ'ן טויט דורך א וואָלקען, מיט גרויס טרויער און מיט גרויס פחד. מיר אָבער פארשטעהן דאָס דיזע שרעק איז אין גאַנצען איבערטריבען. גאָט האָט ניט באַשאַפען דעם מענשען אום איהם צו פארניכטען. וואָס מיר רופען אָן טויט איז אין אמת'ן א דערהויבונג צו א העכערען לעבען; דאָס איז א לעבען וואָס האָט ניט מיט זיך די שוואכקייטען און ערגי- דערונגען און ליידען פונ'ם קערפער. ווען מיר באטראכטען דאָס גאָט ב"ה איז א רחום וחנון און מיר זיינען זיינע קינדער, דאן האָבען מיר פון קיין זאַך זיך ניט צו שרעקען. דער מענש מוז דיינקען דאָס אין טויט געהט ער ארויס פון פאַרצימער און געהט אריין אין פאַרלאַר, דאָס ער פאר- מאַכט זיינע פיזישע אויגען אום צו זעהן א גרעסערע ליכט וועלכע זיינע פיזישע אינסטרומענטען קענען דאָס קיין מאָל ניט זעהן, דאָס זיינע גופ'עדיגע פאַקולטעטען הערען

אויף צו ארבייטען אום צו מאכען פלאץ פאר העכערע גייסטליכע קרעפטען וועלכע פארנעמען זייער אָרט.

אויך טאָר מען דעריבער ניט טרויערן צופיעל ווען איינער שטארבט. אזוי לאנג ווי מען פארשטעהט דאס דער טויט איז א ערהויבונג צו א העכערען לעבען, דאן איז ניטאָ וואָס צופיעל צו טרויערן. צופיעל אבלות ווייזט דאָס מען געטרויט ניט גאָטס גוטסקייט, דאָס ווייזט אויך דאָס מען פארשטעהט ניט די נאַטור פון לעבען און פון טויט. די חז"ל האָבען געקוקט אויף צופיעל טרויער ווי אויף א פאַרשוועכונג, און די שכינה רוהט ניט דאן אויפ'ן מענשען. צופיעל יאָמערען און צופיעל טרויערען ווייזט דאָס דער מענש האָט ניט קיין ריכטיגע אמונה, ער פאר־שטעהט ניט דעם פלאַן וואָס גאָט האָט פאר די פאראיי־ביגונג פונ'ם מענשען.

די מורא פאר'ן טויט איז פונקט ווי א שטן אויפ'ן מענשענס לעבען. דיזע מורא באַשאַפט אין איהם פילע פע־סימיסטישע געדאנקען. אָפטמאָל צושטערט דאָס זיינע שמחות און אָפט האלט דאָס איהם צוריק אין זיינע שטרע־בונגען. אָבער דיזע מורא איז געבאָרען אין אומוויסענהייט און אין געדאנקען וועלכע האָבען ניט קיין פעסטע אמונה אין די רחמים פון הקב"ה. דעם אויבערשטענס פלאַן איז געווים ניט צו צושטערען דעם מענשענס לעבען, נאָר איהם

צו ערהויבען אין א וועלט פון אייביגקייט. דער קערפער מיט אלע זיינע יסורים ווערט דא איבערגעלאזען און דאר־טען לעבט דער מענש אין גאנצען א נשמה'דיגען לעבען, א לעבען פון גייסטליכע ערהויבענהייט.

## צווייטער טייל

# מדות

אין דיעזען טהייל פון מדות מיינען מיר ניט אום־
צורעכענען אלע גוטע מדות אין וועלכע דער מענש זאָל
זיך פיהרען און אלע שלעכטע מדות וועלכע ער זאָל אוים־
מיידען. דערויף אליין וואָלט מען געדארפט שרייבען
פיעלע ספרים. דאָ ווילען מיר נור אין קורצען דערמאָנען
אונזערע אחינו בני ישראל אייניגע מדות וועלכע זיי האָבען
שוין באלד פערגעסען און זיי ליידען דעריבער זייער פיעל
אין גוף און אין דער נשמה.

### פרק ח'

# כ ע ם

שלמה המלך האָט געזאָגט: והסר כעם מלבך והעבר רעה מבשרך — נעם אוועק צאָרען פון דיין הארצען און דו נעמסט אוועק א שלעכטהייט פון דיין פלייש. גאנץ אָפט אין די כתבי הקדש און אין די חז"ל געפינען מיר דעם באַפעל געגען כעס, ווייל דאָס איז זייער א שלעכטע מדה אין וועלכע דער מענש קען לייכט אריינפאלען, און דאן טוט דאָס איהם גרוים שאָדען גייסטליך און קערפערליך. די חז"ל האלטען דאָס אין דעם כעס געפינט זיך דער וואָר־צעל פון פילע זינד, דארום האָבען זיי געזאָגט: „זיי ניט אין כעס און דו וועסט ניט זינדיגען". און ווידער זאָגען זיי „דער וואָס ווערט אין כעס, אויב ער איז אַ חכם געהט זיין חכמה אוועק פון איהם, און אויב ער איז א נביא, ווערט זיין נביאות אָפּגעטאָן פון איהם".

ווען דער מענש ווערט אין כעס דאן ווערט ער גע־שטעלט אין דער מדרגה פון שגעון, ווייל אין אַזאַ צייט

פארלירט ער דעם קאָנטראָל איבער זיין נאָרמאלען שכל און פעהיגקייטען. די פיינע טיילען פון זיין נשמה ווערען אין אַזאַ צייט אין גאנצען פארשוואונדען. ווען דער מענש איז אין כעס דאן פארגעסט ער די וועלט און די מענשהייט ארום איהם; ער פארגעסט זיינע פליכטען און טוט זאכען וועלכע ער אליין אין זיינע רוהיגע מאָמענטען וואָלט פאר־אַכטען אנדערע וועלכע טוען אזוי.

כעס איז נאַטירליך א זאך וואָס באלאנגט צום מענ־שענס טעמפעראמענט, דאָך דעם שאָדען וואָס דאָס טוט צום מענשען איז גייסטיג און פיזיש. די ווירקונג וואָס דאָס האָט אויפ׳ן גוף קען מען באלד זעהן. יעדע אנצינדונג פון צאָרען מאכט דעם פולס שנעל, דאָס מאכט דעם פנים רויט אָדער בלאַס, דאָס מאכט דעם שטערען איינגעקנייטשט, די אויגען ווערען אויסגעשטעלט און פארגרעסערט, און דאָס ווארפט אריין דעם גאנצען קערפער אין א צושטערענעס. אָבער כעס טוט נאָך פיעל ערגער צום גוף. די חוקרים גע־פינען דאָס דער כעס שאפט א סם אינ׳ם קערפער וועלכער פאַרשפרייט זיך איבער׳ן גאנצען גוף און פארבלייבט נאכ־הער אין איינעם פון די אָרגאַנען, און דיזער אָרגאַן ווערט נאָך יעדען אויסברוך פון כעס שוואַכער און שוואכער. נאָך יעדען אויסברוך פון כעס ענטוויקעלט זיך א כראָנישע קראנקהייט אין הארצען אדער אין די נירען אדער אינ׳ם

מאָגען אָדער אין לעבער, אָדער אן אנצונדענער שמערצען אינ׳ם מח. און אָט דיזע קראנקהייט וואקסט טיפער און טיפער מיט יעדע אויפרעגונג און מיט יעדען צאָרען. און כאָטש א מענש געהט גאנץ אָפט צו רופאים און נעמט פילע רפואות אום פטור צו ווערען פון אזעלכע קראנקהייטען, דאָך האָבען אלע מעדיצינישע רפואות זייער א קליינע ווירקונג; ווייל דאָ די סבה פון דער קראנקהייט איז דער כעס, און אום צו היילען דעם מענשען מוז מען פריער פארטרייבען, אדער אמווענינגסטען איינשטילען, זיין כעס.

ניט נאָר טוט דער כעס פיעל שאָדען צום קערפער, ער טוט דאָס זעלבע אויך צו דעם מענשענס גייסט. ביי דעם כעסן ווערט דער זכרון שוואך, זיין פארשטאַנד ווערט אויבערפלעכליך, און זיין השגה ווערט באשרונקען. דער כעס ברענט אוים אין איהם די פיינערע געפיהלען און צושטערט די איידעלע שטראהלען פונ׳ם גייסט.

כעס איז אמייסטען א פייער וועלכער ווערט אָנגעצונדען געגען א פיינד, אבער אין אמת׳ן ברענט דאָס אוים דעם כעסנ׳ם אייגענע הארץ. דער כעס אין איין מענשען אמאָל צינדט אָן און אמאָל צינדט דאָס ניט אָן דעם כעס אינ׳ם צווייטען מענשען, אָבער דאָס רעגט שטענדיג אויף פיינדשאפט און פאראכטונג. כעס ערצינדט אדער פארקילט די הארץ פונ׳ם צווייטען מענשען; דאָס שאפט

שטענדיג אן אטמאָספערע פון פארביטערונג און פון נקמה וועלכע צושטערט אימער די פיינערע פארבינדונגען צווי-שען מענשען. דאָס מאכט פיינדע פון פריינדע, און דאס צושיידט די יעניגע וועלכע דארפען זיין נאָהענט איינער צום צווייטען. אין אמת׳ן האָט גאָט באַשאַפען מענשען צו לעבען אין שלום און אין אחוה איינער מיט׳ן צווייטען, די זאך וואָס צושטערט דיזען בונד איז אָפט ניט מעהר ווי כעס; דארום מוז דער מענש אימער זוכען צו קאָנטראָ-לירען זיין טעמפעראמענט, צו איינהאלטען דעם כעס, און פאַרקערט, אנטוויקלען די פיינערע ברידערליכע געפיהלען אין זיין הארצען און אין זיינע האַנדלונגען מיט יעדען מענ-שען.

חוקרים געפינען דאָס די ענטוויקלונג פון כעס געהט צוריק צו די פרימיטיווע צייטען ווען מענשען האָבען גע-קעמפט מיט ווילדע חיות פאר זייער עקזיסטענץ, דאן איז דער כעס געווען אן אינסטרומענט וועלכער האָט געטריבען אין קאמף די אלע אנדערע כחות פונ׳ם מענשען. כעס איז דארום נויטיג אין אלע ווילדע געשלעג. און אפילו אין היינ-טיגע צייטען ווען פעלקער געהן אויף מלחמה זוכען זייערע פיהרער אויפצואוועקען כעס און שנאה געגען דעם שונא, כדי די קעמפער זאָלען זוכען צו פארניכטען איינער דעם צווייטען אָהן שום רחמנות.

דער גרונד פון רעליגיאָן ווי אויך פון ציוויליזאציאָן פארלאנגט אָבער דאָס דער מענש זאָל אראָפווארפען פון זיך אָט די אלע חיה'שע, ווילדע נייגונגען וועלכע זיין פאר־גאנגענהייט האָט אין איהם איינגעפלאנצט. רעליגיאָן פארלאַנגט דאָס דער מענש זאָל ענדערן זיינע געדאנקען צום גוטען, דאָס ער זאָל בויגען זיין הארץ צו פיינערע זיטען און צו די פיינערע זאכען אין לעבען. עס איז זייער מעגליך דאָס דער כעס ווי אנדערע ווילדע נייגונגען זיינען געווען נוצליך אין די פרימיטיווע צייטען, אָבער אין די ציוויליזירטע צייטען האָבען זיי קיין שום פלאץ. אין היינ־טיגע צייטען ניט נאָר העלפט דאָס ניט דעם מענשען, פאר־קערט, דאָס ערנידעריגט און צושטערט דעם מענשען. אין דעם היינטיגען לעבען דארף מער ניט זיין קיין שום פלאץ פאר דעם כעס און פאר אנדערע שלעכטע זיטן אינ'ם מענ־שען. היינט פארשטעהן מיר דאָס ווען מען לעבט לויט נאָך דער תורה אין רוהיגקייט און אין שלום מיט אַנדערע מענ־שען, אליץ בעסער איז דאָס פאר דער גאַנצער וועלט.

איינע פון די ערגסטע זאכען פון כעס איז דאס ווען מען האלט דאָס ניט צוריק און מען גיט דאָס פולע פריי־הייט ווערט דאס דאן א געוואוינהייט. צוערשט קען זיין דאָס דער כעס באווייזט זיך ווען ער האָט פאר זיך א גרוי־סע אורזאכע, אָבער אויב ער איז ניט צוריקגעהאלטען, דאן

באווייזט ער זיך אויך ווען ער האָט נאר א קליינע אור־זאכע, און דאן אויב ער איז ניט צוריקגעהאלטען באווייזט ער זיך אויך ווען ער האָט קיין שום אורזאכע. דאס ווערט א געוואוינהייט, און דער מענש ווערט אין כעס פאר די מינדעסטע זאך. עס ענטוויקעלט זיך ביי איהם א אויפ־געריגטע נאַטור, און ער זוכט פשוט געלעגענהייטען אויף אויפרעגונג. דער מח קען דאן מעהר ניט רוהען, ער זוכט עפּעס אויף וואָס ער קען ארויסוואַרפען פון זיך פארביטע־רונג און צאָרען, און אַט אזוי פארביטערט ער זיך און די גאַנצע וועלט.

ווען דער כעס ווערט א צווייטע נאַטור ביים מענשען, ווען ער ווערט אזוי שטארק באפעסטיגט דאָס דער מענש קען פון איהם ניט פטור ווערען מיט׳ן פאַרשטאַנד, דאן מוז דאָס באטראכט ווערען אלס א קראנקהייט, און דער מענש מוז זוכען די הילפע פונ׳ם אויבערשטען פונקט ווי ער זוכט אין אלע אַנדערע קראנקהייטען. די תפלה מוז זיין מיט דער מחשבה. צוויי מאָל א טאָג, בעפאָר ער זאָגט די אנ־דערע תפלות, אין דער פרי און אין אבענד, מוז ער מיט פארמאַכטע אויגן זעהן אין זיין מחשבה ווי א גרויסע שלוה, א גרויסע רוהיגקייט, באהערשט זיין מח און פון דאָרטען פארשפּרייט זיך דאָס איבער זיין גאַנצען וועזען און פאר־

בלייבט מיט איהם. אין דיזער תפלה בעט דער מענש דאָס גאָט ב"ה זאָל פארטרייבען פון איהם זיין צאָרען און איהם געבען א שטילע, רוהיגע נאַטור.

### פרק ט׳

# שלוה

פונקט ווי כעס און אויפרעגונג זיינען שלעכט פאר׳ן מענשען אזוי זיינען געלאסענהייט און רוהיגקייט גוט פאר איהם. רוהיגקייט איז פיעל מעהר פאסענד פאר׳ן מענשען ווי אונרוהיגקייט און אויפרעגונג. אלעס וואָס גאָט ב״ה האָט באַשאַפען מוז זיך באנעמען רוהיג. רוהיגקייט הערשט אין דער גאַנצער נאַטור; אין פעלדער און אין וועלדער, אויף בערג און אין טאָלען, אין שטראָמען און אין דער לופט, הערשט אימער אַ טיפע רוהיגקייט. און דיזע רוהיג־קייט הערשט פון דער נאַטור אויך אין דער הארץ פון מענשען, וועלכער איז א טייל פון גאָט׳ס בריאה.

דארום שטרעבט דער מענש אימער נאָך רוהיגקייט. אפילו ווען ער איז אין מיטען שטרעבען און לויפען, אין מיטען שטראָמען און שטורמען, פיהלט ער אליץ אז דאָס איז ניט זיין אמת׳ר אידעאלער לעבן, זיין אמת׳ר לעבען מוז האָבען שלות הנפש. אין זיינע אויפרודערונגען איז דער מענש ווייט פון זיך זעלבסט, ער איז א ווילדע באַשע־

פעניש; אָבער אין זיינע רוהיגע מאָמענטען איז ער דער אמת׳ר איך, דער אמת׳ר מענש. דער שטרעבען צו רוהיג־קייט איז א שטרעבען צו לעבען א נאָרמאַלען לעבען, צו זיין א מענש ווי גאָט ב״ה האָט איהם באַשאַפען צו זיין.

ווייל דער מענש איז באשאפען געווארען צו לעבען אין שלוה, דארום מוז ער זעהן דאָס רוהיגקייט דריקט זיך אוים פון זיין נשמה אין אלע זיינע לעבענס פארהאנדלונגען. אַזאַ סאָרט לעבען איז ניט נאָר אין פולער איינשטימונג מיט גאָטס פּלאַן, אַזאַ סאָרט לעבען פארהיט אויך דעם מענשענס געזונד און זיין ענערגיע. ווען דער מענש ארבייט אָהן אויפרעגונגען דאן ווערט זיין ענערגיע אויסגעדריקט מיט מעסיגקייט; די ענערגיע וועלכע ער פארלירט אין דער ארבייט קריגט ער באַלד צוריק דורך רוהע. ווען אבער דער מענש לעבט און ארבייט אין שטענדיגע אויפרעגונג דאַן פאַרלירט ער מעהר ענערגיע ווי ער קען צוריק קריגען דורך רוהע, און אזוי פארלירט ער זיינע קרעפטען מעהר און מעהר ביז זיינע כחות ווערען אונטערגעבראכען און ער ווערט קראנק.

ווען דער מענש לעבט א רוהיגען לעבען דאן ארביי־טען זיינע מענטאַלישע קרעפטען, זיינע כחות הנפש, אויך אמבעסטען. געזונטע רעיונות קומען שנעלער און אין גרעסערע מאַסען, אויך דער כח הרצון און דער כח הזכרון

ארבייטען אין פולען פאַלקאָמהייט און קראַפט. די אמת׳ע גרויסע זאַכען וואָס מענשען האָבען געשאַפען, די זאַכען אויף וועלכע פּראָגרעס און ציוויליזאַציע זיינען געבויט, זיינען די פּראָדוקטען פון רוהיגע מחות אין זייערע רוהיג־סטע מאָמענטען. קיין מאָל איז א גרויסע זאַך געשאַפען געוואָרען אין איילעניש און מיט רעש, ווייל דאַן קען דעם מענשענס מחשבה ניט ארויסברענגען דאָס בעסטע וואָס זי באַזיצט. מיר קענען דאָס זעהן אין אונזער אייגענעם לעבען; אונזערע בעסטע געדאַנקען, אונזער פּינקטליכסטע ארבייט ווערט געטאָן ווען אונזער מחשבה איז ניט צו־שטערט און אונזער גאַנצער אינערליכער לעבען איז רוהיג.

אין א רוהיגען לעבען ארבייטען די פיינע געפיהלען פון מענשען אויך פיעל שטאַרקער. די בעסערע נאַטור, די קוואַלען פון פריינדליכקייט און ברידערליכקייט און סימ־פּאַטיע און הערצליכקייט עפענען זיך אויף ביים מענשען ווען זיין נשמה איז רוהיג. אויך די ליבשאַפט אין דער משפחה וואַקסט שטאַרקער, און הערצער פיהלען נעהענ־טער ווען רוהיגקייט הערשט אין דעם וועזען פונ׳ם מענ־שען. גאָט האָט באַשאַפען דעם מענשען צו זיין די העכסטע בריאה אין דער וועלט, און ער איז די העכסטע בריאה נאָר ווען זיין נשמה איז פול מיט מנוחה. נאָר דאַן ווערען די בעסטע זאַכען פון זיין גייסט אויסגעדריקט, און נאָר

דאַן קען ער ווערען מסוגל צו פיהלען די גרויסע זאכען אינ׳ם לעבען.

דעם מענשענס לעבען דארף זיין רוהיג ניט נאר פון אויסענווענינ אבער אויך פון אינעווענינ. ניט נאָר מוז דער מענש זיך ווייזען רוהיג, אבער ער מוז אויך לעבען רוהיג. גאַנץ אָפט ווערט א מענש אונטערדריקען אינערליכע אויפ־רעגונגען אום זיך צו ווייזען געלאסען צו דער וועלט. דאָס נאטירליך איז ניט קיין אמת׳ע רוהיגקייט. דער סאָרט לעבען וואו דער מענש קען צוריקהאלטען שעדליכע און אויפגערעגטע געפיהלען איז נאַטירליך א סך א פיינערער לעבען ווי וואו דער מענש קען זיך גאָר ניט צוריקהאלטען און גיסט ארויס פון זיין הארצען אלעס וואָס ער האָט. דאך איז דאָס נאָך ניט אן אידעאלער לעבען, ווייל דאָ אנטוויי־קעלט דער מענש א דאָפּעלטע נאַטור; איין נאַטור וועלכע ער ווייזט צו דער וועלט און א צווייטע נאַטור ביי וועלכע ער לעבט פאר זיך זעלבסט אין זיין פּריוואטען לעבען. אזא סאָרט לעבען צושפּאַלט דעם מענשענס אינערליכען וועזען אין צוויי טייל, און יעדער טייל איז פיינדליך צו דער צוויי־טער, ווייל זי איז פונקט קאפויר פון דער צווייטער. און די צוויי אינערליכע געגנער באקעמפען איינער דעם צווייטען; איינער זוכט צוריק צו האלטען אלעס אין זיך, דער צוויי־טער וויל דוקא ארויסווארפען אלעס פון זיך; איינער קוקט

אויף זיך דורך די אויגען פון פרעמדע, און דער צווייטער קוקט דורך די אייגענע. דער סוף איז דאָס דער מענש פיהלט אימער א אינערליכע מלחמה וועלכע נעמט אוועק פון איהם פיעל פון דעם נחת פון לעבען. דארום זאָגען מיר אין דזשואיש סייענס דאָס דעם מענשענס רוהיגקייט מוז האָבען דעם אָנפאנג פון אינווענינ, עס מוז פריער באַ־הערשען די הארץ און פון דארט פארשפרייט עס זיך אי־בער דער גאנצער פערזענליכקייט.

דער וואָס איז רוהיג בטבע פאַרשפרייט רוהיגקייט אין דער וועלט; ער גיט דאָס איבער צו אלעמען מיט וועמען ער קומט אין בארירונג. די מחשבה גיט ארוים פון זיך שטראָ־מען וועלכע באַצייכענען זיין אייגענעם צושטאַנד, און דיזע שטראָמען בעאיינפלוסען די מחשבות פון אַנדערע. ווען די מחשבה איז אויפגערעגט און צורודערט גיט עס ארוים פון זיך אונזעהנבאַרע שטראָמען פון אויפרעגונג, און דיזע שטראָמען דרינגען דורך די מחשבות פון אנדערע און מאַ־כען זיי אונרוהיג. דאַרום געפינען מיר דאָס אונרוהיגע מענ־שען מאַכן די יעניגע מיט וועלכע זיי קומען אין שטענדיגע בארירונג אויך אונרוהיג. ווען די מחשבה איז אבער רוהיג און געלאסען דאן ווירקט דער מענש אויך אין דעם זעלבען וועג. שטראהלען פון שלוה און שלום שפרייטען זיך אוים

פון דער נשמה און בעאיינפלוסען אנדערע נשמות, און דאס ברענגט מעהר און מעהר שלוה אויף דער וועלט.

ווען איינער געפינט דאָס זיין גייסט איז אימער אויפ־גערעגט און צוטראָגען, דאן מוז ער דאס באטראכטען אלס א קראנקהייט און מוז מתפל זיין דאָס גאָט ב"ה זאָל איהם שיינקען רוהיגקייט. זיין תפלה מוז געאָפפערט ווערען מיט דער מחשבה. יעדען אָבענד און יעדען אין דער פרי דאַרף ער זיצען שטיל אויף אומגעפעהר צעהן מינוטען. ער מוז פאַרמאַכען די אויגען און זעהן אין זיין מחשבה שטראהלען פון מנוחה קומענדיג פון אויבען און דרינגען דורך זיין גאַנצען מח און באהערשען איהם אין גאנצען. אזא תפלה מיט דער מחשבה געפינען מיר ווערט אימער גערענטפערט. לאנגזאם, אָבער זיכער, ווערט צאָרען און אויפרעגונג פאַר־שוואונדען און דער מענש הויבט אָן א נייעם סאָרט לע־בען.

## פרק י׳

# דאגה

דער חכם זאָגט אין משלי: „דאגה בלב איש ישחנה״. דאגה אין דעם מענשענס הארצען דריקט איהר אונטער. דאָס הייסט, די הארץ ווערט שנעל אונטערדריקט און לייֿדעט אממיינסטען.

דאגה איז א קראנקהייט; דאָס איז א גייסטליכע קראנקהייט וועלכע פילט אָן דעם מענשען מיט שרעק וועגען זיין צוקונפט און דערביי רויבט דאס אוועק פון איהם יעדען נחת און פארגעניגען פון דעם היינט. דאגה צושטערט שמחה און רואינירט דעם געזונד פון קערפּער און פון גייסט. דאגה עסט אויס די קראפט פון מח און דעם מארך פון די ביינער. דאָס צושטערט דעם געדאנק און פארבלענדט דעם פארשטאנד און דער מענש קען ניט זעֿהען און פארשטעהן די וועלט גלייך. דער פיהרער וועלֿכער איז איבערגעקומען מיט דאגה קען ניט פיהרען ריכֿטיג; ער מאכט פילע פעהלערען און זיין געדאנק דינט איהם ניט ריכטיג. דער דענקער וועלכער איז שטענדיג

פאר׳דאגה׳ט קען ניט ארייננדרינגען אין די פראָבלעמען פון וויסענשאפט און זעהען זאכען מיט שארפקייט. דער שטאַאטסמאַן וועלכער איז פארזאָרגט וועט אימער מאכען טעות׳ן אין זיינע שליחות. דער געשעפטסמאַן וועלכער איז פול מיט דאגה האָט מורא צו פארשפרייטען זיינע אונ־טערנעהמונגען און קוקט אימער אויף דער צוקונפט מיט א ציטערדיג הארץ. דאגה צושטערט דאס פיינסטע אין מענ־שען און ברעכט אונטער זיינע נאַטירליכע פעהיגקייטען און געפיהלען.

כאָטש דאגה איז א קראנקהייט פון דעם געדאנק, דאך האָט דאָס אויך זייער א שלעכטע ווירקונג אויפ׳ן קערפער. שטענדיגע זאָרג האָט איין אַבשוואַכענדע וויר־קונג אויף די הארץ, דאָס האָט א שלעכטע ווירקונג אויף דעם מאַגען, אויף דעם לעבער און אויף די נירען. דאָס צושטערט אויך די רוהע פון מענשען און מאכט איהם שלאָפלאָזיג. פון אויסוועניג ווייזט זיך דאס ווי א וואָלקען אויפ׳ן געזיכט, פון אינווענינ אָבער ווייזט זיך דאס ווי א שטורעם וועלכער צושטערט אלעס. גאָט האָט באשאַ־פען דעם מענשען צו זיין מונטער און פרעהליך און ווען דער מענש לעבט אַנדערש צושטערט ער דעם צלם אלקים פון זיך.

וואָס מעהר א מענש גיט זיך איבער צו זאָרג אלץ

מעהר זוכט ער אוים אורזאַכען וועלכע וועלען פאַרמעהרען זיין זאָרג; און ווען ער געפינט ניט קיינע אורזאַכען, דאַן באַשאַפט ער זיי מיט זיין געדאַנק. ער איז מגזם קליינינקייטען; פון די קלענסטע שוועריגקייטען מאכט ער גאַנצע בערג, און פון דעם מינדסטען צווייפעל מאכט ער גאַנצע וואלקענס, און אין די קלענסטע שלאַפקייט זעהט ער א מסוכנ׳דיגע קראַנקהייט. ער איבערטרייבט יעדע אומעדיגע זאַך א טויזענד מאָל.

דאגה איז די הויפט קראַנקהייט פון אונזער צייט. דער מאָדערנער לעבען לעגט ארויף אויפ׳ן מענשען שוועררע לאסטען וועלכע פאַרביטערען זיין גייסט. אונזער ציוויליזאציאָן האָט גרויסע מעלות פון איין זייט און גרויסע חסרונות פון דער אנדערער זייט. אויף איין פליגעל ברענגט זי וויסענשאפט און פראָגרעס און ערפינדונגען; אָבער אויפ׳ן צווייטען פליגעל ברענגט זי לוקסוסען, און צוזאַמען דערמיט דאגה און מורא און צובראָכענקייט. שטעהט דאָ, צום ביישפיל, אויף דעם גאַס ווינקעל און באַטראַכט די געזיכטער וועלכע לויפען אייך פאַרביי, און איהר וועט ניט וועלענדיג זיך שטעלען די פראַגע: וואָס איז דאָס פאַר א לעבען? איהר זעהט פאַרטונקעלטע פנים׳ער, מיט טיפע פאַרזאָרגטע אויגען, מיט פאַרצויגענע ליפען; זיי לויפען מיט באַשלאָסענהייט אדער מיט פאַר-

צווייפלונג צו מאכען א סוקסעס, אָדער צו כאפּען דעם גליק. אין דעם גרויסען המון זעהט איהר זעלטען א פרעה־ליכען פּנים, אדער א רוהיגען אויסזעהן, אדער א פּאָר אויגען פול מיט בטחון, אדער א שמייכעל פון האָפענונג. ווי עס שיינט זיינען אלע באהערשט פון דער זעלבער קראנקהייט דאגה.

נו, און פון וואָס זיינען די אלע אזוי פארזאָרגט, און פאַרוואָס לויפען זיי אזוי אָהן אן אָטעם, ניט זיך צו באַזאָרגען מיט וואָס זייער לעבען איז אמת'ן געברויך, נאָר זיך איינצושאַפען מיט די לוקסוסען אדער לאָגזשורים וועלכע די ציוויליזאציע האָט געשאפען. מענשען האָבען אוועקגעוואָרפען דעם איינפאכען לעבען וועלכער האָט זיי געגעבען צופרידענהייט און פרעהליכקייט און האָט פאר־היט דעם געזונד פון זייער קערפער און נשמה, און זיי לויפען און פליען און פשוט צורייסען זיך אום צו ערייכען אזעלכע פארגעניגען וועלכע זיינען אין גאנצען אויבער־פלעכליך, און זיינען ניט פון די פונדאמענטאלע פארלאנ־גען פון לעבען.

דער יצר פאר רייכטהום איז אזוי שטאַרק ביים היינ־טיגען מענשען דאָס ער איז פשוט גרייט זיך מקריב צו זיין דערפאר. אום צופרידען צו שטעלען דיזען יצר אר־בייט דער מענש מיט אלע כחות ביז ער ווערט אויסגע־

מוטשעט. און אפילו ביי דער נאכט ווען זיין קערפער רוהט ארבייט זיין געדאנק, און דרעהט איבער די אלע פארפלאנ־טערטע פראבלעמען מיט וועלכע ער איז באשעפטיגט דורכ׳ן טאג, און ווען ער זעהט ניט קיין קלארען וועג ווי זיך אויסצודרעהן, זארגט ער און איבערשטריינגט זיינע געדאנקען. די שווערע ארבייט דורכ׳ן טאג און די דאגות ביז שפעט אין דער נאכט, האבען זייער א שלעכטע וויר־קונג אויף די נערוועז פונ׳ם מענשען. דארום איז קיין וואונדער וואס אין די היינטיגע צייטען האבען מיר מעהר מענשען מיט צובראכענע נערוועז ווי אימער בעפאר.

א צווייטע אורזאכע ווארום מענשען זיינען היינט אזוי צוטראגען און אזוי רוהיגלאז איז וואס ציוויליזאציע האט אונטערגעגראבען דעם מענשענס אמונה אין גאט. ווען אמונה איז פארטריבען דאן ווערט פלאץ געמאכט פאר דאגה און מורא און פארצווייפלונג. דער מענש וואס גלויבט אין גאטס גוטסקייט און אין זיין השגחה האט ניט קיינע זארגען. מיט בטחון ווייס דער מענש גאנץ גוט דאס אין די ענדע וועט אלעס גוט זיין, ווייל גאט ב״ה האט אלעס באשאפען צום גוטען. אונזערע עלטערען אין זייערע דחקות און צרות אין דעם פארפינסטערטען גלות האבען זיך אימער געקערט צו גאט, און ער האט זיי קיינמאל ניט פארלאזען. אונזערע עלטערען האבען זיך געפיהלט

אלס קינדער פון דעם בורא, און דארום פונקט ווי קינדער קומען צו זייערע עלטערען מיט זייערע שוועריגקייטען אזוי פלעגען זיי קומען צו איהם און ער פלעגט זיי העל־פען. אָבער היינט ווען דער מענש האָט ניט קיין בטחון געפינט ער זיך אין גאנצען הילפלאָז. ווען אלעס געהט איהם גוט איז ער גאנץ צופרידען מיט זיך; ווען אָבער חלילה איהם געהט ניט אזוי גוט, דאן ווערט ער ביי זיך געפאלען' און ווען עס געהט איהם גאָר שלעכט, דאן ווערט ער אין גאנצען צובראָכען; זיין גייסט ווערט פאר'מרה־שחור'ט, זיינע נערוועז אבגעשוואַכט, זיין וועלט ווערט פינסטער, און ער האָט קיינעם וועמען צו בעטען און אויף וועמען זיך צו פארלאָזען.

מיר זעהן דאָס אין אַ קריזיס. דער מענש מיט בטחון קומט ארויס אומבאַשאָדענט; ער ווייס און ער פיהלט דאָס גאָט וועט איהם העלפען, און גאָט העלפט איהם. דער מענש אָבער וואָס האָט קיין בטחון ווערט שנעל אונטער־בראָכען. ער פיהלט דאָס ער טראָגט אליין דעם גאנצען לאַסט פון לעבען; דארום ווען די צוקונפט קוקט איהם אוים פארדונקעלט אדער פארצווייפעלט ווערט ער אינווע־ניג אין גאנצען צוטראָגען און רואינירט. דער מענש מיט בטחון ווייס אויך דאָס די פליכטען פון לעבען זיינען אָפ־הענגענד אויף איהם; אָבער ער ווייס אויך דאָס עס איז

# דאגה

פאראַן א העכערע קראַפט, אן אלמעכטיגער, וועלכער פיהרט און העלפט דעם מענשען אין יעדער צייט פון שוועריגקייט און נויט. דארום ווען סוקסעס קומט ניט אזוי שנעל איז ער ניט צושראָקען; ווען שווערע געשעהענישען קומען אויף איהם איז ער ניט פאר׳דאגה׳ט; און אפילו ווען אלע זיינע פּלאַנען פאַלען דורך ווערט ער אויך ניט צובראָכען, ווייל ער ווייס גאנץ גוט דאס אין סוף וועט איהם גאָט ב״ה ארויסהעלפען פון אלע שוועריגקייטען.

אין אמת׳ן איז דאגה א זינד. ערשטענס, ווייל דער מענש וועלכער דאגה׳ט ווייזט דאָס ער האָט ניט קיין אמונה; ווייל אמונה און דאגה קענען ניט שטעהן צוזאמען. דער וואָס האָט אמונה קען ניט דאגה׳ן. און ווידער, דורך דאגה צושטערט דער מענש דאָס וואָס גאָט האָט אין איהם באשאפען. ער צושטערט זיין געזונד און זיין כח, און זיין געדאנק, און פארקירצט זיין אייגענעם לעבען. דזשואיש סייענס טרייבט ארויס דאגה ביים צייגען דעם מענשען ווי צו לעבען, ווי צו גלויבען, ווי צו האלטען בטחון דאָס דער אויבערשטער וועט אלעס מאכען צום גוטען.

ווען דאגה אָבער ווערט א קראנקהייט, דאָס הייסט, ווען דער מענש דאגה׳ט געגען זיין אייגענעם ווילען, וואו ער קען זיך ניט רירען אָהן דאגה, דאן מוז דאָס געהאנ-

דעלט ווערען ווי א גייסטליכע קראנקהייט. דער מענש מוז דאן בעטען גאָט ב"ה איהם צו העלפען. זיין תפלה מוז געאָפפערט ווערען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי מיר האָבען פריער דערמאָנט. ער דאַרף זיצען רוהיג און פאר־מאַכען די אויגען און זעהן מיט דער מחשבה ווי שטראַלען פון האָפנונג און שמחה קומען פון אויבען און דרינגען דורך זיין מח. ער מוז דאס טאָן מיט'ן גאנצען הארצען און זיין בקשה וועט געענטפערט ווערען. אויב ער קען דאָס ניט זעהן אין זיין מחשבה, דאן זאָל ער איבער'חזר'ן אין דער שטיל איינינגע מאָל פאר'ן שלאָפען: „מיין באשע־פער נעמט אוועק פון מיין געדאנק אלע וואָלקענס און אלע דאגות, און ער פיהלט מיר אָן מיט שמחה און מיט האָפנונג".

פרק י"א

# שמחה

גאָט ב"ה האָט באשאפען דעם מענשען פרעהליך צו זיין—צו האָבען א פרעהליכע הארץ און אימער צו טראָגען א פרעהליכען פנים. דארום ווען דער מענש איז פרעהליך איז ער אין זיין נאַטירליכען שטאַנד, און ווען ער איז פאר־אומערט איז ער ווייט פון זיך זעלבסט. ווען דעם מענ־שענס הארץ איז פרעהליך קומט פון איהם ארויס דאס בעסטע; זיינע העכסטע געדאנקען, זיינע שעהנסטע גע־פיהלען, זיינען העכסטע שטרעבונגען רופען זיך דאן ארויס פון זיין נשמה. די גמרא זאָגט, דאָס די שכינה רוהט ניט אויף דעם מענשען סיידען ווען ער איז פרעהליך. דאָס מיינט, דאָס דער מענש קריגט ניט קיין געטליכע בא־גייסטערונג ווען ער איז פאַראומערט און פארקרימט. שמחה איז דעם מענשענס נאַטירליכער שטאַנד, און ווען ער פארלאָזט דיזע נאַטירליכקייט פון זיין נאַטור, דאן מאַכט ער פּלאַץ אין זיין הארצען פאר דאגות און שרעק און צער.

שמחה איז די שפראך פון דער נאַטור, דאָס איז דער קול ד׳ אין דער גאנצער בריאה. אלעס וואָס גאָט ב״ה האָט באשאפען אנטהאלט אין זיך שמחה. איין אונ־שטערבליכע פרייד געפינט זיך אין די שטראהלען פון דער זון, אין די שפרינגענדע כוואליעס פונ׳ם ים, אין דעם בלאָ־זענדען ווינד, אין די שאָקלענדע בוימער, אין דער הארץ פון דער נאַטור און אין דער האַרץ פון מענשען. אונזערע חכמים זאָגען דאָס דער מענש מוז פרעהליך זיין; נאַטיר־ליך דורך שמחה ווערט דער מענש פאַרבונדען מיט אחוה צו אלעם וואָס דער בורא האָט געבראכט אין דער וועלט.

דער מענש ביי דער נאַטור שטרעבט נאָך שמחה; ער זוכט די געלעגענהייטען וואו ער קען פרעהליך זיין. דאָס אליין באווייזט דאָס ער איז געבארען געווארען צו לעבען אין שמחה. מיר שטרעבען ניט צו עררייכען זאַכען וועלכע זיינען פרעמד צו אונזער נאַטור; פארקערט, פון זאַכען וועלכע זיינען פרעמד צו אונזער נאַטור זוכען מיר וואָס שנעלער פטור צו ווערען ווען מיר באזיצען זיי דורך געוואוינהייט; אבער מיר זוכען אימער זיך צוריק צוקערען צו די זאכען וועלכע זיינען א טייל פון אונזער נאטור אפילו ווען דורך געוואוינהייט זיינען מיר פון זיי פארפרעמדט געווארען. מיר זוכען און שטרעבען צו לעבען אין פרייד, ווייל שמחה איז גאָט׳ס מתנה צום מענשען.

דער בעסטער וועג צו פארשטעהן די נאַטור פון מענ־שען איז צו באמערקען דעם לעבען אין די קינדערשע יאָהרען. דאָס קינד שטעהט פיעל נעהנטער צו גאָט ווי דער ערוואַקסענער מענש. די נשמה פון דעם קינד איז ריין און קלאָר, און דארום שפּיגלען זיך אפּ אין איהר די נאַטירליכע באגאבונגען אויפ'ן בעסטען אופן. מיר זעהען דאָס שמחה איז זייער שטארק אין דעם קינדס גייסט; דאָס קינד וויל זיך שפּילען און טאנצען און פרעהליך זיין. אויב די דערוואַקסענע וואָלטען זיך ניט אריינגמישען מיט דעם קינדס לעבען, דאן וואָלט ער נאָר זוכען די וועגען און די מיטלען ווי צו זיין פרעהליך. דאָס קינד מיידעט אויס טרויעריגע זאכען און אומעדיגע אומשטענדען פּונקט ווי ער מיידט אויס א סכנה און שאָדען. ער האָט פיינט אומעדיגקייט און ער ווייכט פון זאָרג. יעדער טאָג איז צו איהם א נייע געלעגענהייט פאר מעהר שפּיל און מעהר פרייד.

די שמחה וואָס דער קינד האָט אויפ'ן קינדערשען אופן איז וואָס דער ערוואקסענער מענש מוז האָבען אויפ'ן ערוואקסענעם אופן, ווייל ער איז באַשאַפען געוואָרען צו לעבען אין פרייד. ווען דער מענש פאנגט אָן אָנצופילען זיינע געדאנקען מיט זאָרג און מיט מורא, דאן ווערט זיין קראַפט פון פרייד שוואַכער און שוואַכער ביז דאָס ווערט

אָפּטמאָל אין גאנצען פארשוואונדען. עס זיינען פאראן מענשען וועלכע זיינען אזוי פארזאָרגט דאָס זיי האָבען שוין אין גאנצען פארגעסען ווי פרעהליך צו זיין, און זיי קענען ניט פארשטעהן ווארום אנדערע מענשען פרעהן זיך און האָבען פארגעניגען אין לעבען.

עס איז אבער נויטיג אויפצולעבען דעם כח פון פרייד, ווייל שמחה איז פון דער נאַטור א רפואה צו פילע קראנקהייטען, סיי פון גייסט און סיי פון קערפּער. ווען דער מענש איז פרעהליך דאן איז זיין געזונד פארהיט פון פילע שטערענדע און אָפּשוואכענדע ווירקונגען. פונקט ווי מזיק׳ישע פּאַראַזיטען קענען ניט אריינטרעטען אין דעם אָרט וועלכער איז פול מיט זונענשיין, אָט אזוי אויך וועט א קראנקהייט ניט וואַגען אריינצוטרעטען אין דעם מענשען ווען זיין געדאנק און זיין הארץ זיינען פול מיט שמחה. ווען דער געדאנק איז פול מיט שמחה דאן איז דער מענש אין א העכערע מדרגה צו וועלכע קיינע שלעכטע איינפלוסען קענען ניט דערגרייכען. יעדער טייל פונ׳ם מענשען איז פאַרשטאַרקט און פארפעסטיגט, און קיין קראנקהייט קען זיך אין איהם ניט דורכברעכען.

ניט נאָר איז שמחה א שטיצע געגען קראנקהייט, ניט נאָר דערלאָזט דאָס ניט קיין קראנקהייט זיך אריינצו׳גנב׳ענען אינ׳ם מענשען, אָבער דאָס איז אויך אָפּט-

מאָל א רפואה וואו א קראנקהייט אדער א שוואכקייט עקזיסטירט שוין. ווען די מחשבה איז פרעהליך, דאן ווערט דער גאַנצער גוף אָנגעפילט מיט א קראפט וועלכע ווארפט ארויס פון זיך קראנקהייט. גאנץ אָפט אבער טוט דער מענש פונקט פארקערט. ווען ער ווערט ניט געזונד הויבט ער אָן צו זאָרגען און זיך צו שרעקן. ער ווערט זייער טרויעריג און רעדט מיט אלעמען וועגען קראנקהייט און ווייטאָג. ער זוכט רחמנות און סימפאטיע פון אנדערע מענשען, און ער פארשטעהט ניט דאָס מיט אזוי פיעל דאגה אין זיין געדאנק ווערט זיין קראנקהייט פיעל ערגער. פארקערט, די גלייכע זאך איז צו ריידען וואָס ווייניגער וועגען די קראנקהייט, זיך איינצוהאלטען און מבטל זיין די שמערצען, און ניט זוכען צו ערוועקען רחמנות אין אלעמען. וואָס מעהר דער מענש דאגה'ט וועגען א קראנקהייט אלץ מעהר לאדעט ער דאָס איין זיך צו פארהאלטען, און וואָס מעהר בטחון און שמחה ער האלט אין געדאַנק אלץ מעהר טרייבט ער דאָס ארויס פון זיך.

פאר הונדערטער יאָהרען האָבען מענשען געארבייט און געזוכט אן אייביגע רפואה, א רפואה וועלכע זאָל באַפרייען דעם מענשען פון קראנקהייט און שמערצען און וועלכע זאָל פארלענגערען זיינע יאָהרען. זיי האָבען געזוכט און געזוכט אין אלע עקען פון דער וועלט און זיי

האָבען דאָס ניט געקענט געפינען. דער אמת איז דאס אזאַ רפואה ליגט אינ'ם מענשען זעלבסט. א פרעהליכע מחשבה און א הארץ מיט בטחון צוזאמען זיינען אָט אזא רפואה. פרעהליכקייט און בטחון צושטערען דעם מענשענס שוועריגקייטען, זיי פארטרייבען זיינע קראנקהייטען און פארלענגערען זיינע יאָהרען.

ווען דער מענש דריקט אוים שמחה ברענגט ער ניט נאָר פיעל געהילף צו זיך זעלבסט, אבער אויך צו אנדערע. דער לעבען פון אלע מענשען איז צוזאמענגעבונדען. איין מענשענס גייסט האָט א שטארקען איינפלוס אויף אנדערע מענשען. יעדע מחשבה שיקט ארוים פון זיך אונזעהבארע שטראהלען וועלכע דרינגען דורך די מחשבות פון אנדערע. מיר מאכען אנדערע אומעדיג מיט אונזער אומער; מיר מאכען זיי טרויעריג מיט אונזער טרויער; מיר מאכען זיי אויפגערעגט מיט אונזער אויפרעגונג. און ווידער פארקערט, מיר גיבען זיי האָפנונג דורך אונזער אייגענע האָפנונג און קוראַזש מיט אונזער מוטה, און אויך גיבען מיר זיי איבער פרייד דורך אונזער אייגענע פרעהליכקייט. ווען אונזער הארץ איז אימער פול מיט שמחה דאן ענטהאלטען מיר אין זיך א קוואַל פון ערקוויקונג און האָפנונג פאר אונז זעלבסט און אויך פאר אנדערע.

געלד איז ניט דער איינציגער מיטעל מיט וועלכען

מען קען העלפען א צווייטען. מאַטעריעלע הילפע איז ניט די איינציגע פאָרמע פון צדקה. די גרעסטע צדקה איז ניט ווען מען גיט יענעם א טייל פון פארמעגען, נאר ווען מען גיט איהם א טייל פון זיך זעלבסט, ווען מען גיט איהם א טייל פון אונזער מוטה, א טייל פון אונזער בטחון און אונזער האָפנונג, א טייל פון אונזער באגייסטערונג און אונזער שמחה.

דער מענש מוז אויך אויסדריקען שמחה ווען ער שטעהט פאר גאָט ב"ה. דער בעל הזמר זאָגט אונז: עבדו את ה׳ בשמחה, באו לפניו ברננה — דינט גאָט מיט פרייד, קומט בעפאר איהם מיט געזאנג. און ווידער: ושמחת לפני ד׳ אלהיך — דו זאָלסט זיך פרעהן בעפאָר דיין גאָט! דער מענש מוז קומען בעפאר גאָט מיט בטחון און מיט שמחה, תפלה דארף ניט געאָפפערט ווערען מיט געשריי און מיט געוויין; אָט אזוי קען מען נאָר געבען א בקשה צו א בשר ודם, וועמען מען באדארף בעאיינפלוסען און ערוועקען זיין הארץ און זיין רחמנות. אבער צום אב הרחמים, צו איהם וועלכער איז פול מיט גוטסקייט פאר זיינע קינדער, דארף מען נאָר בעטען מיט בטחון און מיט שמחה; בטחון דאָס ער וועט הערען, און שמחה דאָס אלעס וואָס איז פאר אונ־זער טובה וועט געענטפערט ווערען. אין א תפלה פון בקשה דארף מען ניט האָבען אין זינען די שווערינקייט

פון דער פארגאנגענהייט, נאר די צוקונפט מיט דער הילפע פון גאָט ב"ה; מען באדארף ניט אויסרעכענען די צרות פון דעם עבר, נאָר מען באדארף זיך צוגרייטען צו עמפּ־פאנגען א פארבעסערטען און א געבענשטען עתיד. אין תפלה טאָר ניט זיין קיין שום צווייפעל, נאָר פולער בטחון דאָס אַלעם וואָס איז צום בעסטען ועט געענטפערט ווע־רען.

גאָט האָט געגעבען דעם מענשען דעם כח פון שמחה, און דער מענש מוז האלטען דיזע מתנה זייער טייער. ער טאָר ניט ערלויבען קיינע וואלקענס אריינצודרינגען אין זיין נשמה; ער טאָר ניט ערלויבען שלעכטע און אומעדיגע רעיונות זיך אַנצוקלייבען און צושטערען זיין מוט; ער טאָר ניט דערלאָזען קיינע דאגות זיך אריינצו'גנב'ענען אין זיין האַרצען און פאַרניכטען האפנונג און פרייד. ער טאָר ניט אימער ריידען פון פארזאָרגטע זאכען, אדער זיך צו־הערען צו פּעסימיסטישע רייד, אָדער נאָכאנאנד לעזען טראגעדישע פאסירונגען. דיזע זאכען מאכען דעם גייסט פון דעם מענשען טרויעריג און פארביטערט, און דער מענש איז ניט באשאפען געווארען פאר אזא סאָרט לע־בען.

ווען דעם מענשענס פרעהליכע נאַטור פארשווינדט, און ער ווערט מרה־שחורה'דיג, דאן דארף ער מתפלל זיין

דאָס האָפנונג און פרייד זאָל צו איהם צוריק קומען. מען בעט פאר שמחה פונקט ווי מען בעט פאר געזונד. אלעס וואָס קומט פון גאָט קען צוריקגעגעבען ווערען נאר ביי גאָט. א פארטונקעלטער גייסט ווי א צובראָכענער גוף קען נאָר געהיילט ווערען ביי איהם וועלכער האָט געבויט דעם קערפּער און דעם גייסט פון דעם מענשען. אזא תפלה מוז אויך געאָפּפערט ווערען מיט דער מחשבה. מען מוז זיצען רוהיג, פארמאַכען די אויגען און זעהן מיט דער מחשבה שטראהלען פון פרייד, קומענדיג פון אויבען און דורכ־דרינגען דעם גאַנצען וועזן פון דעם מענשען. אָדער, מען קען לאָזען דעם געדאנק איבער'חזר'ן דיזע ווערטער: „גאָט ב"ה פילט אָן מיין גאנצע נשמה מיט שמחה". די בקשה וועט געווים גענטפערט ווערען.

### פרק י"ב

# קנאה

מענשען זיינען מקנא איינער דעם צווייטען ניט די וויכטיגע זאַכען אין לעבען, נאָר די אומוויכטיגע זאכען, די אמת'ע קליינינקייטען. אויב מענשען וואָלטען מקנא זיין גוטסקייט, פרומקייט, וויסענשאפט, חכמה און געזונד־הייט, דאן וואָלט קנאה אפשר געווען א מעלה; ווייל קנאה טרייבט דעם מענשען צו קאָנקורענץ, ער שטרעבט צו טאָן דאָס וואָס דער יעניגער וועמען ער איז מקנא טוט. דער רעזולטאט וואָלט דאן געווען דאס מיר וואָלטען האבען אין דער וועלט פיעל בעסערע מענשען, פרימערע און קלי־גערע, מיט מעהר פארשטאַנד, מיט בעסערען געזונד, און מיט מעהר איידעלקייט. אָבער מענשען זיינען נאָר מקנא די קליינינקייטען פון לעבען, זיי זיינען מקנא גאָלד און לוקסוסען און הערשאפט; זיי קאָנקורירען איינער מיט'ן צווייטען און פיהרען אן שרעקליכע קעמפע אום מנצח צו זיין, און אפילו ווען זיי זיינען מנצח דאן באזיצען זיי ניט

מעהר ווי דיזע אומוויכטיגע זאכען וועלכע זיי האָבען אַוועקגענומען פון אַנדערע.

אין תלמוד ווערט קנאה גערעכענט צווישען די מדות רעות וועלכע נעמען דעם מענשען אוועק יונג פון דער וועלט. דאָ ליגט א גרויסער אמת, ווייל קנאה איז א סם מות צו דעם מענשענס גייסט, דאָס עסט אוים דעם געזונד, די קראַפט און די מענשליכע ענערגיע פון דעם מענשען. קנאה מאַכט דעם מענשען אָרעם אפילו ווען ער באַזיצט פיעל רייכטהום. דער וואָס איז מקנא מעג האָבען זעהר פיעל פון אלעם גוטעס, אבער ביי איהם רעכענט זיך דאס פאר וועניג אזוי לאנג ווי זיין שכן האָט מעהרער. קנאה מאכט דעם מענשען פיהלען אזוי שלעכט איבער די זאכען וואָס אנדערע בעזיצען דאָס ער קען ניט האָבען קיין פאר־געניגען פון די זאכען וואָס ער אליין באזיצט. קנאה באַ־שאַפט אויך פיינדשאַפט צו די יעניגע וועלכע מ'איז מקנא, אפילו ווען די יעניגע האָבען אונז קיין מאָל קיין שלעכ־טעס געטאָן. עס געפינט זיך ביים מענשען א שטארקער חשק צו זעהן די מפלה אָדער דעם דורכפאל פון די וועלכע ער איז מקנא. ער פרעהט זיך צו הערען רכילות און לשון הרע וועגען זיי, און איהם פארדריסט זעהר שטארק ווען מען לויבט זיי. נאַטירליך איז אזא שטעלונג ניט נאר א גרויסע עבירה, נאָר אויך ערנידעריגט דאָס דעם מענשען

זעלבסט. דאָס טוט אויך דעם מענשען פיעל שאַדען אין געזונד, ווייל קנאה עסט אוים די קרעפטען פונ׳ם גוף און פון גייסט, און מאַכט דעם מענשען שוואַך.

מענשען זיינען מקנא רייכטהום און כבוד און מאכט, און דאך האָבען דיזע זאכען קיין גרינדליכע ווערדע. זיי זיינען זאכען וואָס דער מענש, און ניט גאָט, האָט באשאַ־פען. דיזע זאכען זיינען אויך ווייט פון געבען דעם מענ־שען צופרידענהייט אין לעבען. גיט עס איינער צווישען טויזענדער וועלכער איז צופרידען אין לעבען נאר דורך דעם וואָס ער באַזיצט רייכטהום און כבוד און מאַכט? געפינען מיר דען ניט זאָרג און שרעק און פארביטערונג צווישען די רייכע ווי צווישען די ארעמע, און צווישען די הויכע ווי צווישען די נידעריגע? און ווען מיר געפינען צופרידענהייט ביי מענשען, געפינען מיר דען דאָס ניט צווישען די ארימע מעהר ווי צווישען די רייכע, און צווי־שען די נידעריגערע קלאַסען ווי צווישען די ערהויבענע און מעכטיגע? צופרידענהייט אין לעבען האָט גאָר ניט צו טאָן מיט רייכטהום, אדער מיט כבוד, אדער מיט מאכט; דאָס האָט נאָר צו טאָן מיט דעם מענשענס אייגענע נשמה און מיט זיין כאַראַקטער. און דאך זיינען מענשען מקנא איינער דעם צווייטען דיזע זאכען וועלכע זיינען ניט פונ־

דאמענטאַליש צום לעבען און זיינען אפילו ניט וויכטיג צו זייער צופרידענהייט אין לעבען.

ווען מענשען זיינען מקנא דאן טוען זיי זיך זעלבסט און אנדערע פיעל שאַדען. קנאה פארביטערט און פאר־ניכטעט זייער אייגענעם גייסט און טוט זייער פיעל צו צושטערען זייער אייגענעם קערפער, אבער דאס טוט אויך זייער פיעל שאַדען אין די פארבינדונגען צווישען מענשען. שנאה ווערט געבאָרען דורך קנאה. קריגערייען און צאנ־קערייען צווישען מענשען און נאַציאָנען פיהרט צו האַס און צו קריג און צו פארניכטונג. מענשען ווערען אפגע־טיילט איינער פון צווייטען דורך קנאה; זיי פארגעסען זייער מענשליכקייט דורך קנאה, זיי זוכען צו צורייסען איינער דעם צווייטען אלץ דורך קנאה.

די רפואה צו קנאה איז צופרידענהייט מיט וואָס מען באַזיצט. די הכמים האָבן געזאָגט: איזהו עשיר השמח בחלקו — ער איז רייך וועלכער איז צופרידען מיט וואָס ער באזיצט. א מענש דארף ניט זיין צופרידען מיט וואָס ער איז, אבער ער מוז זיין צופרידען מיט וואָס ער בא־זיצט. דאָס הייסט, א מענש דארף ניט פיהלען דאָס ער באַזיצט גענוג חכמה און גענוג תורה און האָט שוין געטאָן גענוג פאר אנדערע מענשען, דאָס ער האָט גענוג נדיבות הלב און גענוג פיינקייט. מיט זיך טאָר דער מענש קיין

מאָל ניט זיין צופרידען. אזא סאָרט אונצופרידענהייט מאכט דעם מענשען וואקסען גרוים אין זיין נשמה און צו ווערען העכער ווי ער איז. עס איז אבער וויכטיג דאָס ער זאָל זיין א שמח בחלקו, צופרידען מיט דאָס וואָס ער באַזיצט, דאָס ער זאָל ניט מקנא זיין יענעם וועלכער האָט מעהר פון איהם, דאָס ער זאָל זיך ניט פארביטערען דאָס לעבען צוליב דעם וואָס אנדערע באזיצען מעהר ווי ער. צופרידענהייט ליגט פיעל טיפער אין דעם מענשענס נאַטור ווי קנאה. צופרידענהייט איז איינע פון די מתנות פון גאָט, ווייל קנאה איז איינע פון די שוואַכקייטען וואָס דער מענש אליין האָט אין זיך אנטוויקעלט. דארום אין צופרידענהייט לעבט דער מענש לויט זיין נאַטור, ווייל אין קנאה לעבט דער מענש געגען זיין טיפערע נאַטור.

עס איז אויך וויכטיג צו פארשטעהן דאָס די אלע זאכען וואָס דער מענש איז מקנא האָבען ניט קיין פונדאַמענטאלע ווערדע. פון דעם העכערען שטאַנדפונקט זיינען אלע מענשען גלייך. איין פערזאָן איז ניט וויכטיגער, ווייל ער האָט מעהר רייכטהום, און א צווייטער איז ניט נידעריגער ווייל ער איז אָרעם. אָרעמקייט איז ניט קיין שאַנדע, דאָס איז נאָר א אומבאקוועמליכקייט; און רייכטהום איז ניט קיין ערהויבענקייט, דאָס איז נאָר א הרחבה. פון דעם העכערען שטאַנדפונקט איז גאָר קיין אונטערשיד פון

מענשען צו מענשען. די זעלבע שטראהלען פון דער זון שיינען צו אלעמען גלייך; די זעלבע היץ און די זעלבע קעלט בעאיינפלוסט אלעמען גלייך; אלע האָבען די זעלבע פרייד און דעם זעלבען טרויער, די זעלבע האָפנונגען און די זעלבע יאָהרען, אלע מענשען זיינען באשאפען אין דעם זעלבען צלם אלקים. מיר מוזן דארום פארשטעהן דאָס די גרינדליכע זאכען וואָס איין מענש האָט, האָט אויך דער צווייטער, און דארום אין די טיפערע זאכען פון לעבען האָט איין מענש ניט וואָס מקנא צו זיין דעם צווייטען.

מיר זאָגען אין דזשואיש סייענס דאָס צופרידענהייט איז די רפואה צו קנאה, אָבער צופרידענהייט וואקסט נאָר ווען דער מענש געוואהנט זיך איין צו לעבען אן איינ־פאַכען לעבען, ווען דער מענש געפינט פאַרגעניגען אין אן איינפאכען לעבען. ווען דער מענש געפינט פארגעניגען אין אן איינפאכען לעבען, דאן ווערט די תאוה צו לוקסור־סען פיל שוואַכער, און ער איז זיי ניט מקנא אין אנדערע מענשען.

אין אן איינפאכען לעבען מוזען אויך זיין דיזע דריי פשוטע זאכען: איינפאכע שפייזען, איינפאכע קליידונג, און אן איינפאכע אויפפירונג.

דער איינפאכער וועג איז דער געזונטער וועג. איינ־פאכע שפייזען זיינען פיעל מעהר נארהאפט ווי רייכע

שפּייזען. רייכע שפּייזען גיבען מעהר פארגעניגען דעם חוש הטעם, אָבער זיי זיינען זייער שווער צו פארדייען, און דארום גיבען זיי זייער וועניג קראפט צום קערפּער. די שפּייזען פון דער נאַטור זיינען זייער איינפאך און גע־זונד, און דארום וואָס מעהר דער מענש האלט זיך נאָהנט צו דער נאַטור אלץ בעסער און געזינטער איז דאס פאר איהם. דארום דארף דער מענש ניט מקנא זיין די לוקסוסע שפּייזען פון די רייכע.

דאָס זעלבע איז אויך אין קליידונג. צופיעל אויספּו־צונג מיינט ניט דאס זעלבע ווי שעהנקייט און איידעל־קייט. פארקערט, דאָס מיינט גאנץ אָפט גראָבקייט. די ווילדע מענשען פון היינטיגע און אמאָליגע צייטען האָבען אימער זיך געפארבט און געפּוצט, און האָבען געזוכט אוים־צוקוקען ווי אנדערע ברואים. אבער ציוויליזירטע מענשען דארפען דאָס ניט טאָן. שעהנקייט איז געוויס א וויכטיגער עלעמענט אין דעם מענשענס נאַטור, אָבער שעהנקייט און פוצעריי זיינען צוויי באזונדערע זאכען. די שעהנקייט וואָס גאָט גיט איז איין זאך, און די שעהנקייט וואָס דער מענש זוכט זיך אליין צו געבען איז אן אנדער זאך. פארבען און פילע צירונגען מאכען באמת דעם מענשען ניט שעהן, זיי מאַכען איהם פּראָסט. די שעהנקייט פון א ציוויליזירטען מענשען מוז איבערהויפּט ליגען אין זיין פּערזענליכקייט.

א פיינע פערזענליכקייט גיט דעם פנים א פיינעם אויס־זעהן. מענשליכע שעהנקייט מוז קומען פון דער אינערליכ־קייט. פיינע געפיהלען, א פיינער שכל, הויכע שטרעבונגען, פיינע נייגונגען, גוטע מעשים, גיבען דעם מענשען א פיי־נעם, סימפאטישען אויסזעהן. און די פערזאָן וואָס בא־זיצט ניט דיזע זאכען, וועט ניט אויסקוקען פיינער דורך אויבערפלעכליכע מיטלען. די רייכטהום מיט וועלכע א פערזאָן ווערט אָפט פארפוצט ווייזט ארויס די ארעמקייט פון דעם גייסט און פארשטאנד. דער ציעל פון ציוויליזא־ציאָן איז ניט אוועקצורייסן דעם מענשען פון דער נאַטור, נאָר פארקערט, צו ברייננגען איהם אלץ נעהנטער און נעהנ־טער צו דער נאַטור, כדי ער זאָל לערנען איהרע איינפאַכע וועגען.

אן איינפאכע אויפפירונג איז דאס וויכטיגסטע אין אן איינפאכען לעבען. דאָס הייסט, אן אויפפירונג אָהן גאוה, אָהן באריהמעריי, אָהן פאלשקייט. אין אן איינ-פאַכער אויפפירונג זוכט דער מענש קיינע שבחים, קיין כבוד, ער זוכט ניט אויסצונעמען, ער זוכט נאָר צו לעבען א נאַטירליכען און צוריקגעהאלטענעם לעבען און אין עניוות. דער מענש וועלכער זוכט כבוד און שבחים לעבט אממיינסטען א דאָפעלטען לעבען — איין סאָרט לעבען פאר זיך און א צווייטען סאָרט לעבען פאר דער

וועלט. פאר דער וועלט זוכט ער צו ערשיינען פיין און איידעל, ער זוכט צו קריגען קאָמפּלימענטען און אכטונג; פאר זיך אבער לעבט ער צו פּראָסט און צו נידעריג. אין אמת׳ן אָבער דאַרף דער מענש לעבען נאָר איין סאָרט לעבען; סיי פאַר דער וועלט און סיי בחדרי חדרים דאַרף ער האָבען איידעלקייט און איינפאכקייט. דעם כבוד וואָס דער מענש זוכט קריגט ער סיי ווי סיי נים, ווי די חכמים האָבען געזאָגט: הרודף אחר הכבוד הכבוד בורח ממנו— דער וואָס לויפט נאָך כבוד, פון איהם לויפט דער כבוד אוועק. און ווידער פארקערט, דער וואָס איז אן אמת׳ר ענו איהם אַכט די וועלט פאר די גוטעם וואָס ער באזיצט. מען מוז אימער געדענקען דאס גאוה און באריהמעריי זיינען שלעכטע מדות, זיי ערנידערען דעם מענשענס גייסט, און דארום מוז דער מענש זיך פון זיי דערווייטערען.

יעדער מענש האָט א גרויסען זכות אין דעם וואָס ער קען זיך איבערבייטען און איבערמאכען לויט זיין ווילען. אין דזשוּאיש סייענס ווייזען מיר ווי יעדער איד קען וואַק־סען גייסטליך, ווי ער קען לעבען אויף אן אופן וואָס זאָל זיין צופרידען צו גאָט, צו דער וועלט און צו איהם זעלבסט. און אויב ער געפינט דאָס זייער שווער, דאן ווייזען מיר איהם ווי מתפלל צו זיין צו גאָט ב״ה דאָס ער זאָל איהם העלפען לעבען א פיינעם לעבען.

## פרק י"ג

# אהבה

די וועלט איז באַשאַפען געוואָרען דורך אהבה. דער בורא איז פול מיט אהבה פאר אלעס וואָס ער האָט באַשאפען. און ווען די פראגע שטעלט זיך וואָרום האָט ער באַשאַפען די וועלט, קען מען זאָגען דאס דער ציעל פון דער גאנצער בריאה איז געווען אום אויסצודריקען די אונענדליכע אהבה פון בורא ב"ה. אהבה מוז האָבען א וועג פאר איהר אויסדרוק. די אהבה פון הקב"ה מוז האָבען א גאנצע וועלט פאר איהר אויסדרוק.

ווען מיר באטראַכטען די וועלט מיט פארשטאַנד דאן וועלען מיר געפינען די אהבה פון גאָט ב"ה אויף יעדען טריט און שריט. די וועלט איז פול מיט אלעס גוטעס, מיט אלע פראָדוקטען, מיט אלע מיטלען נויטיג צום לעבען און צו פארגעניגען; און ער האָט אויך געגעבען יעדער בריאה די קראפט מיט וועלכע צו ערייכען דיזע זאכען. דער פאקט דאָס עס געפינט זיך ארעמקייט ביי מענשען האָט דאָס גאָר ניט צו טאָן מיט דעם אויבערשטענס חסד. גאָט ב"ה

האָט באשאפען גענוג פראָדוקטען, גענוג רייכטהום פאר יעדען איינעם. אָרעמקייט נעמט זיך דערפון וואָס מענשען צוטיילען זיך ניט גלייך מיט דאָס וואָס גאָט האָט פאר זיי באשאפען. איינער כאפט צופיעל, און דארום האָט א צווייטער זייער ווייניג.

די אהבה פון הקב"ה זעהט מען אויך אין דעם וואָס ער האָט באשאפען א רפואה פאר די קראנקהייטען פון מענשען און פון יעדער בריאה. יעדע מכה האָט א רפואה; די מכה קומט מיינסטענס דורך דעם מענשענס פאַרנאַכלעסיגקייט, אבער די רפואה קומט פון הקב"ה. יעדער מענש וועלכער באטראכט וויים דאָס עס איז פאראן א קראפט וועלכע היילט וואונדען און פארטרייבט שווערע געדאנקען און דערפרעהט צובראָכענע הערצער און גיט דעם מענשען נייע האפנונג אין לעבען; און דיזע קראַפט איז ניט די קראפט פון א מענשען, דיזע זאכען ווערען נאר געשאפען דורך אהבת הבורא. גאָט האָט ליב זיינע קינדער און דארום טוט ער פאר זיי די אלע זאכען וועלכע זיי קענען אליין ניט טאָן פאר זיך. גאָט האָט אויך געגעבען דעם מענשען א פונק פון זיין אייגענעם אומענדליכען קוואל פון אהבה, און אויב דער מענש וואָלט געגעבען א ריכטיגען אויסדרוק צו דיזען געשאַנק לויט דעם געטליכען

ציעל, דאן וואָלט ניט געווען קיין פיינדשאפט, קיין קנאה, קיינע רדיפות אויף דער וועלט.

עס זיינען פאראנען דריי וועגען אין וועלכע דעם מענשענס אהבה קען זיך אויסדריקען. א מענש קען ליב האָבען זיין משפחה; ער קען אויך ליב האָבען זיינע פריינדע; און ער קען אויך ליב האָבען די גאנצע מענשהייט.

עס איז גאנץ נאַטירליך פאר'ן מענשען ליב צו האָבען די מיטגלידער פון זיין משפחה. צו זיי איז ער צוגעבונדען מיט טיפע געפיהלען. דארום איז עס גאָר קיין וואונדער צו זעהן ווי דער מענש ארבייט שווער אום זיין משפחה זאָל האָבען וואָס זי באדארף. גאַנץ אָפט וועט ער אפילו אליין ליידען איינגשאפט און הונגער, אבער די משפחה וועט ער אוועקגעבען אלעס וואָס ער האָט. דאס איז נאר דעריבער, ווייל צו זיין פרוי און קינדער איז דער מענש שטאַרק פארבונדען מיט א נאַטירליכע אהבה. עלטערען און קינדער דארפען דארום ניט האָבען די זעלבע אינטערעסען אין לעבען אום צו זיין צוזאמען פארבונדען; זיי מעגען האָבען גאנץ אנדערע אידייען און אינטערעסען אין לעבען און דאָך זיינען זיי אימער נאָהנט איינער צום צווייטען.

דער אמת'ר פארגעניגען וואָס קומט צום מענשען אין האָדעווען קינדער איז דורך דעם וואָס די משפחה גיט

דעם מענשען די געלעגענהייט אויסצודריקען די געפיהלען פון אהבה. גאָט ב"ה האָט געגעבען דעם מענשען דיזען פיינעם געפיהל, עס איז דארום זייער וויכטיג דאָס דער מענש זאָל זוכען צו בויען א משפחה אום צו געבען דיזען געפיהל דעם נויטיגען אויסדרוק. דאָס איז איינע פון די וויכטיגסטע זאכען ביי וועלכע דער מענש קען געפינען צופרידענהייט אין לעבען. אלעם וואָס הקב"ה האָט באַשאפען אינ'ם מענשען מוז געפינען אן אויסדרוק דורכ'ן מענשען, און אויב דאָס איז פארלאָזען דאן בלייבט דער מענש אימער אומצופרידען מיט'ן לעבען. דער וואָס וויל ניט הייראטען, סיי צוליב עקאָנאָמישע אורזאכען און סיי צוליב דעם וואָס ער וויל אימער בלייבען פריי, לייגט אוועק פאר זיך יאָהרען פון אונצופרידענהייט און איינזאמקייט און חרטה. זיין גאנצע פערזענליכקייט ווערט קליין און איינגעשרונקען; ווען די געפיהלען ווערען ניט אויסגעדריקט, דאן ווערען זיי פארטריקענט און איינגעצויגען. און ווען די געפיהלען ווערען איינגעצויגען דאן ווערט דער גאנצער מענש פיעל קלענער אין גייסט ווי ער וואָלט געווען, ווייל דער מענש און זיינע געפיהלען זיינען דאָסזעלבע. די תורה זאָגט: לא טוב היות האדם לבדו — ס'איז ניט גוט פאר דעם מענשען צו זיין אליין. מיר מוזען באַמערקען דאָס די תורה רעדט ניט יעצט וועגען שאפען

דורות; גאָט ב"ה האָט פילע וועגען ווי צו פארמעהרען די מענשהייט. אָבער די אורזאכע ווארום די פרוי איז באשאַפען געווארען איז, ווייל עס איז ניט גוט דאָס דער מענש זאָל זיין אליין. דעם מענשענס געפיהלען, אויך זיינע נייגונגען, זיינע שטרעבונגען, זיין גאנצע פערזענליכקייט, זיינען אזוי געבויט דאָס ער מוז האָבען א צווייטע פערזאָן מיט וועמען און פאר וועמען ער קען אויסדריקען זיינע געפיהלען און זיין גאנצען לעבען. דער וואָס וויל דוקא זיין אַליין לעבט ער געגען זיין אייגענער נאטור, און דער רעזולטאַט איז פיעל גייסטליכע ליידונג.

אהבה פאר דער משפחה, ווי מיר זעהען, איז דער נאַטירליכסטער אויסדרוק פון דעם מענשענס געפיהלען. עס איז אבער נאַטירליך דאס דעם מענשענס סימפאטישע געפיהלען זאָלען וואקסען און זיך צו פארברייטערען און זיך אויסשפרייטען איבער די גרעניצען פון דער משפחה. אהבה ווערט דאן אויך איבערגעטראַגען צו פריינדע. עס איז אויך גאנץ נאַטירליך דאָס דער מענש זאָל ליב האָבען זיינע פריינדע; דער אונטערשיד איז נאר דאס אהבה פאר דער משפחה איז א געבאָרענע זאך, ווייל אהבה פאר פריינדע איז אן אנטוויקעלטע זאך. אהבה צווישען פריינדע וואקסט דורך שטימענדע סימפאטיעס, דורך די אכטונג און פריינדשאפט און געטריישאפט וואָס מענשען צייגען

איינער דעם צווייטען. פריינדשאפט אנטוויקעלט זיך אמ־מעהרסטען צווישען מענשען וואָס זיינען נאָהענט איינער צום צווייטען אין יאָהרען און אין אידעאלען, וועלכע האָבען די זעלבע מענטאַלישע נייגונגען, וועלכע שטרעבען פאר די זעלבע מענשליכע פארבעסערונגען און האָבען די זעלבע האָפענונגען אין לעבען. אין אמת׳ע פריינדשאפט איז פאראנען א גייסטליכע פארבינדונג, וועלכע בינד הער־צער צוזאמען. אין אמת׳ע פריינדשאַפט איז פאראנען א גייסטליכע פארבינדונג, וועלכע בינדט הערצער צוזאמען. אמת׳ע פריינדשאַפט ברענגט ארויס די פיינסטע געפיהלען פון מענשען; דאָס גיט דעם לעבן מעהר הארמאָני און מעהר פרעהליכקייט און מאכט דעם לעבען מעהר פול. אמת׳ע פריינדע טוען איינער פאר׳ן צווייטען ניט ווייניגער ווי זיי טוען פאר זיך זעלבסט. זיי קוקען ניט אויף מיהע און שוועריקייטען, זיי אַרט ניט קיינע אנשטריינגונגען און אום־באקוועמליכקייט אזוי לאנג ווי זיי קענען טאָן איינער דעם צווייטען א טובה. פאר אמת׳ע פריינדע קען מען אויס־ריידען די גאנצע הארץ, און מען דארף ניט מורא האָבען טאָמער וועלען זיי אונז האסען פאר אונזערע שוואכקיי־טען; פארקערט, זיי וועלען אימער האָבען מיטלייד מיט אונז, און וועלען זוכען אונז צו פארבעסערען. נאַטירליך איז די אהבה צו פריינדע אנדערש אין מין פון די אהבה

וואָס מען פיהלט צו דער משפחה, עס מאכט אבער דעם זעלבען איינדרוק אויף דער הארץ פונ'ם מענשען. אהבה, סיי צו דער משפחה און סיי צו פריינדע, מאכט רייך דעם גייסט, מאכט די געפיהלען טיפער און פיינער. וואָס מעהר פריינדשאפט איינער געווינט אלץ טיפער וואַקסט ער אין זיינע געפיהלען; און וואָס מעהר פריינדשאפט ער האָט פאר אנדערע אלץ מעהר פריינדשאפט באקומט ער פון אנדערע.

די אהבה וואָס איינער האָט צו זיין משפחה און פריינדע איז געוויס טיף און וויכטיג און דערהויבט דעם מענשען, אבער דאך איז אזא אהבה באגרעניצט. די פליכט פונ'ם מענשענס הארץ איז צו פיהלען סימפאטיש צו אלע מענשען. די העכסטע מדרגה פון אהבה איז ווען דאס דריקט זיך אויס צו דער אלגעמיינער מענשהייט, ווען דער מענש פיהלט סימפאטיש און ברידערליך און גוטמוטיג צו אלע מענשען. עס זיינען פאראנען זייער ווייניג אין א דור וועלכע פיהלען איבערגעגעבען צו אלע מענשען, דאך איז דאָס די העכסטע האנדלונג צו וועלכע יעדערער דארף שטרעבען. אהבה קומט פון גאָט ב"ה, און פונקט ווי די אהבה פון הקב"ה דריקט זיך אויס אויף אלעמען, אזוי מוז אויך די אהבה פונ'ם מענשען זיך אויסדריקען צו אלע־מען. מענשען זיינען געבארען אימער צו לעבען אין שלום

און אין אחוה איינער מיט'ן צווייטען. עס איז נאָר דורך שלעכטע האנדלונגען דאָס שנאה אנטוויקעלט זיך, און זיי ווערען צוטיילט איינער פונ'ם צווייטען.

אהבה איז די צוציהענדע קראפט, שנאה איז די אָפּ־שטייסענדע קראפט; אהבה פארבינדט, שנאה צוטיילט, דארום ברענגט אהבה צופרידענהייט און שמחה, ווייל שנאה ברענגט נאָר צער און פארביטערונג. שנאה צו־שטערט די הארץ אין וועלכע זי וואהנט; אהבה ברענגט נחת צום מענשען, זי היילט אלע גייסטיגע וואונדען פון מענשען. אהבה שטאַרקט ניט נאָר די פארבינדונגען פון דער מענשהייט, אבער אויך דעם מענשען וועלכער בא־זיצט דאס. יעדער שטראם פון סימפאטיע וועלכער פליסט אוים פונ'ם הארצען ברענגט צוריק שמחה און שטארקייט. שנאה ווידער עסט אוים די קראפט פונ'ם גייסט און די כחות פונ'ם קערפער, און גאנץ אָפט איז דאס די סבה פון שוואכקייט און קראנקהייט און מאכט דעם מענשען צאַ־רענדיג און אויפגערעגט.

אהבה, איבערהויפט די אהבה פאר דער גאנצער מענשהייט, איז כולל פילע אַנדערע מדות. אהבה איז פיעל גרעסער פון טאָלעראנץ; דורך אהבה קומט מען צו פאר־טראגען די שוואכקייטען פון אנדערע מענשען. אהבה איז גרעסער פון גוטסקייט; גוטסקייט איז איינע פון די

משרתים פון אהבה. אהבה איז העכער פון איבערגעבענ־הייט; איבערגעבענהייט איז די אויסשפראך פון אהבה; אהבה איז פיעל גרעסער פון מחילה, ווייל דער וואָס ליבט איז אימער מוחל אלע אומרעכטען וועלכע ווערען געטאָן געגען איהם. און אזוי ווערען אלע גוטע מדות אין מענ־שענס הארצען ערוואכט וואו אהבה הערשט. דורך אהבה גיט דער מענש זיינע געדאנקען און זיין צייט און זיין ענערגיע צו העלפען אנדערע מענשען און ער זוכט ניט קיינע באלוינונג דערפאר. אהבה זוכט צו העלפען אבער ניט צו פּראָפיטירען; צו דינען אַנדערע, אָבער ניט זיי צו באהערשען. אהבה זוכט גלייכהייט פאר אלע מענשען; עס זוכט צו צושטערען די אפּטיילונגען צווישען ראַסען און קלאַסען.

דורך אהבה אליין וועט די גאנצע מענשהייט געהאָל־פען ווערען. ווען מענשען וועלען לערנען ווי צו סימפּאטי־זירען און אכטען און ליבען איינער דעם צווייטען דאן וועלען זיי אוועקווארפען זייערע ביקסען און צוברעכען זייערע שווערדען און עס וועט מעהר קיין מלחמה ניט זיין אויף דער וועלט. אלע מעכאנישע מיטלען צו ברענגען א סוף צו קריג זיינען ניט ווירקזאם, ווייל די שיידענדע איינפלוסען צווישען פעלקער זיינען צו שטארק, און זיי קענען ניט אויסגעווארצעלט ווערען דורך קאָנטראקטען

און באדינגונגען וועלכע ווערען ארויפגעלעגט פון אויסנ־וועניג. א וועלטליכער און דויערענדער שלום מוז קומען פון אינוועניג. אזא שלום מוז געבארען ווערען אין די הערצער פון פעלקער, און אין די נשמה פון נאציאָנען, אזא שלום מוז וואקסען פון אהבה. אלוועלטליכער שלום וועט נאָר קומען דורך אהבה אין דער גאנצער מענשהייט. ווען מען האָט א שטעלונג פון אהבה פאר אלעמען דאן טראָגט מען קיין שנאה געגען קיינעם. אהבה טרייבט ארוים מורא פאר מענשען, און דאן דאַרף מען זיך ניט באוואָפענען אום זיך צו באשיצען געגען אנדערע. אהבה טרייבט ארוים חשד און קנאה, און דאן זוכט מען ניט זיך צו באַוואפענען אום צו אטאַקירען אנדערע פעלקער און אנדערע ראַסען. נאציאָנען וועלכע וואַקסען מיט אלע פאַרבארייטונגען צו מלחמה, ווייזען דערמיט דאָס זיי האָבען קיין שום שטראהל פון אהבה פאר אנדערע מענשען. אהבה איז א קוואַל וועלכער קען קיין מאָל ניט אויסגעשעפּט ווערען. וואָס מעהר מען ליבט די מענשהייט אלץ שטארקער פליסען די שטראָמען פון פריינדשאפט אין דעם מענשענס גייסט; די געפיהלען ווערען שטאַרקער און איידעלער, און דער מענש פיהלט מיט מיט אלע מענשען.

מיר האָבען זעקס הונדערט און דרייצעהן מצות. אָבער דער סך הכל פון די תרי״ג איז: „ואהבת את ד׳

אלהיך״ און „ואהבת לרעך כמוך״ — האָב ליב גאָט און האָב ליב דיין פריינד ווי זיך זעלבסט. און די הויפט פון דיזע צוויי איז: ואהבת את ה׳ וכו׳. גאָט ב״ה איז אין דער גאַנצער וועלט, כבודו מלא עולם. ער געפינט זיך אומע־טום און אין אלעם וואָס ער האָט באַשאַפען. ווען מען ליבט גאָט מיט׳ן גאַנצען הארצען און מיט דער גאנצער נשמה, דאן ליבט מען אויך אלעמען. און ווידער פארקערט, ווען מען האָט אהבה פאר אלע מענשען און פאר דער גאנ־צער יצירה דאן האָט מען אויך ליב גאָט.

פרק י״ד

# געדולד

געדולד איז די מדה וועלכע מאכט מעגליך פאר׳ן מענשען אריבערצוטראָגען מיט רוהיגקייט און האפנונג די שווערינקייטען און די אונאָנגענעמליכקייטען פון לעבען. דאָס לעהרענט דעם מענשען צו ווארטען מיט תקוה אויף א בעסערע צוקונפט, אויף אן ענדערונג פון שלעכטע צו גוטע צייטען. געדולד אין אמת׳ן מיינט דאס דער מענש האָט בטחון אין גאָטעס גוטסקייט, דאס מיינט דאס ער גלויבט און פארשטעהט דאָס אלעס וואָס הקב״ה טוט איז צום גוטען, און דאָס בעסטע מוז קומען, אפילו ווען דאס פאַרזאַמט זיך אביסעל.

עס איז אימער א גרויסע ווייטקייט פון דעם פונקט פון וועלכען מיר פאנגען אָן און דעם ציעל צו וועלכען מיר שטרעבען, וואָס העכער דער ציעל איז אַלץ ווייטער איז ער. קליינע זאכען קען מען אפשר לייכט און שנעל ערייכען, אבער גרויסע זאכען מוז נעמען פיעל צייט און פיעל ארבייט. דער וועג צו א גרויסען ציעל איז ניט אימער

גלאַט און גלייך; גאַנץ אָפט איז דער וועג פול מיט דער־נער און שטיינער, מיט אומאַנגענעהמליכקייטען און שווע־ריגקייטען, מיט קאַמפען און ערנידערונגען. געדולד איז דאַרום זייער וויכטיג און זייער נויטיג אום ניט צו פאַלען אויפ׳ן וועג אונטער דער לאַסט פון די שווערינקייטען, און פאַרקערט, צו וואַרטען מיט האָפנונג ביז די שטורעמס וועלען איבערבלאָזען און די וואָלקענס וועלען פאַרבייגעהן און די כמארע וועט צוגאַנגען ווערען און די זון וועט ארויסשיינען און ברענגען שמחה און ערקוויקונג.

ווען א מענש לייגט אריין מיה און פאַרמעגען אין א אונטערנעהמונג דאַן מוז ער אויך זיך באַוואַפנען מיט געדולד. ער מוז געדענקען דאָס וואַקסען וואַקסט מען לאַנג־זאַם, און אָהן געדולד וועט די גאַנצע אונטערנעהמונג איהם ברענגען נאָר יסורים. דער בויער אַקערט די ערד און דער־נאָך בראָנעוועט ער איהר און פאַרזייט, און דערנאָך וואַרט ער מיט געדולד ביז די צייט וועט קומען ווען אַלעס וועט אויפוואַקסען. דער זעלבער פּראָצעס מוז אויך אַנגעהן ווען מען פלאַנצט אין א נייע אונטערנעמונג; עס מוז נע־מען א געוויסע צייט ביז עס וואַקסט אויף און הצלחה ערשיינט. אין איין אונטערנעהמונג זיינען אימער פאַראַן מכשולים, עס קומען אימער פאָר שווערינקייטען וועלכע מען האָט זיך אפילו גאַר ניט פאָרגעשטעלט, און אויב מען

נעמט דיזע שווערינקייטען צו ערנסט דאן וועלען זיי באַ-
זיגען דעם מענשען און איהם פאראומגליקען. דאָס בעסטע
איז צו נעמען אלע מכשולים מיט רוהיגקייט, און איבער-
הויפּט מיט געדולד. אלע שווערינקייטען קענען באזיגט
ווערען, אלע צרות מוזען פארשוואונדען ווערען, אלעס
וואָס שטעלט זיך אויפ׳ן וועג פונ׳ם מענשען קען פארטרי-
בען ווערען אויב דער מענש וויל דאָס פארטרייבען. גאָט
האָט געגעבען דעם מענשען דעם פארשטאנד און די קרעפּ-
טען מיט וועלכע צו מאכען א סוקסעס אין לעבען, און אויב
דער מענש ווייס ווי צו נוצען זיינע באגאבונגען, איבער-
הויפּט אויב ער פארשטעהט ווען צו ארבייטען און ווען צו
שאַפען און צו זיין געדולדיג, דאן קען ער זיכער זיין דאס
הצלחה וועט קומען.

פונקט ווי דער מענש מוז געדולד האָבען ווען שווע-
ריגקייטען קומען אין זיינע ארבייט און אונטערנעהמונגען
אזוי מוז ער אויך זיין געדולדיג אין אלע שווערינקייטען
וואָס דער לעבען ברענגט איהם. ווען חלילה דער מענש
ווערט קראנק אין קערפּער אדער אין גייסט דאן מוז ער
בעטען גאָט דאָס ער זאָל איהם געזונד מאכען; אבער אלעס
וואָס קומט פון גאָט וואקסט, דאָס הייסט, עס קומט ניט
אויף א מאָל, דאָס קומט נאר צוביסלעך און לאנגזאם, ווייל
יעדע פעריאָדע אין דעם פראָצעס איז וויכטיג, און דער

גאנצער לעבען איז א פעריאָדע פון וואקסען. ווען דער מענש איז קראנק מוז ער בעטען א רפואה פון גאָט און זיין געדולדיג. אזוי ווי דער געזונד קומט צוריק צובים־לעך, שטאפעל ביי שטאפעל, דארף מען נאר האָבען בטחון און מען דארף געדולדיג זיין.

ווען מיר באַטראכטען אביסעל מעהר דאן זעהען מיר דעם וואונדער, די אמת'ע נסים, וועלכע ווערען באוויזען אין היילען. אין א וואונד ווערען צובראָכענע מוסקולען צוריק אויפגעבויט, און איבערגעריסענע אדערען צוריק צו־זאמען געבונדען, צושטערטע נערוועז ווערען ווידער אויס־געגלייכט און פארשטארקט, א צובראכענער ביין ווערט ווידער צוזאַמען געוואקסען, אַ נייע הויט ווערט אויסגע־שפינט, און דער מענש ווערט ווידער געזונד. און אין היי־לונג פון א גייסטליכע קראנקהייט זעהן מיר ווי דער וואל־קען ווערט פארשוואנדען פונ'ם געדאנק און דער זינען פאנגט אָן צו ווערען מעהר מוטיג; בייזע מחשבות ווערען שוואכער און געזונטע געדאנקען מיט האפ־נונג פאנגען אָן צו פארנעמען זייער פלאץ; די נייגונגען צו איינזאמקייט הערען אויף צו ארבייטען, און דער ווילען צו לעבען צווישען מענשען ווערט שטאַרקער און שטארקער, ביז דער קראנקער ווערט ווידער פאָלקאָם געזונד. אבער דיזע פארבעסערונגען קומען ניט אויף אמאָל, זיי קומען

לאנגזאם, זיי וואקסען און דער מענש מוז געדולד האָבען ביז די צייט ווען ער ווערט אין גאנצען אויסגעהיילט. ווען דער מענש איז אומגעדולדיג און פארביטערט דאן ארבייט די היילענדע קראפט לאנגזאמער; אומגעדולד ווערט אַן אמת׳ר מכשול, און די רפואה ווערט אָפּגעלייגט. ווען אבער דער קראנקער האָט געדולד און אמונה דאן ווערט היילונג געטאָן פיעל שנעלער, ווייל דעם מענשענס בטחון איז אויך א תפלה.

געדולד איז וויכטיג ניט נור ווען מען איז קראנק און ניט נור ווען מען זוכט הצלחה אָבער אויך אין אלע אנדערע אינזיכטען פון לעבען. מען מוז האָבען פיעל געדולד מיט אנדערע מענשען. ניט אלע מענשען טהוען זאכען ווי מיר פערשטייען אָדער ווי מיר ווילען; ניט אלע אנדערע האָבען די זעלבע שטרעבונגען וועלכע מיר האָבען; ניט אלע דיינ־קען ווי מיר דיינקען, און ניט אלע פיהלען ווי מיר פיהלען. גאנץ אָפט טהוען מענשען זאכען וואָס איז ניט לויט נאָך אונזער מיינונג און פערשטאַנד; אָבער אזוי לאנג ווי זיי טהוען קיינע שלעכטעס דאן מוזען מיר האָבען געדולד מיט וואָס זיי טהוען. ווען א מענש זעהט צו אָפט דאָס אנדערע זיינען אומגערעכט, דאָס זיי טהוען אימער קרום, דאן מעג ער זיך פרעגען דיעזע פראגע: אפשר טהו איך ניט ריכטיג, אפשר האָבען אנדערע מעהר פערשטאַנד?

אפשר זיינען זיי גערעכט? אזוי לאנג ווי א זאך האָט ניט צו טאָהן מיט הוראה און נור מיט דעם וואָס איז און וואָס איז ניט פּאסענד, דאן קען מען געטרויען דעם רבים מער ווי דעם יחיד, ווייל דער רבים בעשטימט דורך זייער אויפפיהרונג וואָס איז און וואָס איז ניט וויכטיג אין יעדען הינזיכט. דארום מוז דער מענש האָבען פיעל געדולד מיט אנדערע מענשען ווען זייערע וועגען זיינען אנדערש פון זיינע וועגען, ווייל זייערע וועגען קענען אָפּט זיין די גלייכע וועגען.

די חז״ל האלטען זייער שטארק פון דעם וואָס איז איין ארך אפּים. סבלנות, זאָגען זיי, איז איינע פון די פיינסטע מדות פון מענשען. דער וואָס איז אומגעדולדיג שאַפט שנאה און ברייגנט קריעג צווישען מענשען. דער וואָס האָט קיינע געדולד בעווייזט דערמיט דאָס ער פער־שטייט ניט די געפיהלען פון אַנדערע מענשען, אָדער דאָס איהם ארט ניט די שלעכטע ווירקונג וואָס זיין שטאַנד האָט אויף אנדערע מענשען. די וואָס זוכען אויסצובעסערען אנדערע מיט זייער אומגעדולד האָבען אויך א גרויסען טעות. מענשען לערנען פיעל מעהר פון די וואָס לערנען זיי מיט געלאסענקייט ווי פון די וועלכע לערנען מיט אומ־געדולד. ווען די וועג-ווייזער זיינען געלאסען דאן פילט מען זייער נאָהנטקייט און זייער סימפּאטיע, און אלעם

וואָס זיי זאָגען און לערנען ווערט שנעל און מיט אהבה אויפגענומען. ווען אָבער זיי זיינען אומגעדולדיג, דאן ווייזען זיי ארוים זייער אייגענע שוואכקייט צו אַנדערע, און וואָס זיי זאָגען און לערנען פערלירט פיעל געוויכט און איינפלוס. מיר זעהן דאָס, צום ביישפיל, פון די צוויי גרויסע היסטאָרישע חכמים הלל און שמאי.ביידע זיינען געוועזען זייער גרוים אין דער תורה, אָבער דער איינפלוס פון הלל אויף די דורות איז פיעל גרעסער ווי פון שמאי. דער איינדרוק פון הלל׳ס פערזענליכקייט איז ניט ווייניגער ווי פון זיין תורה; זיין געלאסענהייט און איבערהויפט זיין געדולד מיט פערשיעדענע מענשען האָבען איהם בעליעבט געמאַכט צו אלע דורות. געדולד פערטרייבט אלע אומ-פערשטענדענישע צווישען מענשען און שאַפט איין אט-מאָספערע פון הארמאָני און פריינשאַפט.

ניט נור מוז מען זיין געדולדיג מיט פרעמדע אָבער אויך מיט אייגענע. עס זיינען פאראנען מענשען וועלכע זיינען זייער פיין צו דער וועלט, וועלכע זיינען אדעל און געדולדיג צו פרעמדע, אָבער ניט צו אייגענע. דאָס נא-טירליך איז א גרויסער חסרון; אין אמתן ברייננגט דאָס פיעל אונרוהיגקייט און טרויעריגקייט אין דעם מענשענס לעבען. די פיינסטע מדות מוזען פריער אויסגעדריקט ווערען אין דער היים איידער זיי ווייזען זיך צו דער וועלט.

ווען זיי ווערען פּראַקטיצירט אין דערהיים, דאַן ווערען זיי א צווייטע נאַטור ביין מענשען און זיי דריקען זיך ממילא אויס אויך פאַר אַנדערע. ווען אָבער דער מענש האַלט זיינע פיינערע מדות פאַר אַנדערע און זיינע פּראָסטע זייטען פאַר זיין אייגענע בני בית, דאַן טהוט ער איין אונרעכט ניט נאָר צו די וועלכע זיינען צו איהם די נאָהענטסטע, אָבער אויך צו זיך זעלבסט. זיין אייגענע פּערזענליכקייט ווערט צוטיילט אויף צוויי טיילען, א פיינערע און א פּראָס־טע, און עס איז אימער א קאַמף צווישען דיזע צוויי אין דעם מענשען, און דאָס שטערט שטאַרק צו דער ענטוויקלונג פונ׳ם גייסט, און דער מענש קען ניט עררייכען צו קיין הויכע מדרגה אין לעבען.

דער וואָס איז אימער אומגעדולדיג אין זיין היים פאַר־טרייבט די צוגעבונדענהייט, די ליעבע און די פריינטליכ־קייט וועלכע מוזען באמת דאָרטען הערשען. ווי מיר האָבען פריער דערמאָנט, דער הויפּט ציעל פון א פערהיי־ראַטען לעבען איז: לא־טוב היות האדם לבדו — עס איז ניט גוט פאַר דעם מענשען צו זיין אליין. די תורה רעדט פשוט וועגען איינזאַמקייט. דער מענש דאַרף האָבען איין פערזאָן אין זיין לעבען פאַר וועמען ער קען זיך אויסריידען, וועמען ער קען דערציילען די סודות פון זיין האַרצען, מיט וועמען ער קען זיך טיילען מיט זיינע האָפענונגען, און

וועלכע נעמט איין אנטהייל אין זיין שמחה און אויך אין זיין צער. דער ערשטער ציעל פון א פערהייראטען לעבען איז איבערגעגעבענע פריינדשאפט צווישען מאן און פרוי. נאטירליך, דאָס וואָס קען פערשטאַרקען פריינדשאַפט מיט פרעמדע קען אויך פערשטאַרקען מיט אייגענע, און דאָס וואָס קען צושטערען פריינדשאַפט מיט פרעמדע קאָן אויך צושטערען מיט אייגענע. גוטסקייט, סימפּאטיע, איבער-געבענהייט, פערשטאַרקען מער און מער די פריינדשאַפט סיי מיט פרעמדע און סיי מיט אייגענע; און ווידער פער-קערט, בייזהייט, קאלטקייט און גלייכגילטיגקייט פערניכ-טען פריינדשאַפט אומעטום וואו זיי עקזיסטירען סיי אין דער היים און סיי אויסער דער היים. דאָס נאטירליך מיינט ניט דאָס צוויי פּערזאָנען מוזען אימער איינשטימען אויף יעדער זאַך; דאָס מיינט ניט דאָס ווען איינער זאָגט יע אָדער ניין מוז דער צווייטער גלייך מיט איהם מיט-שטימען און פארבייגען איר אָדער זיין אייגענע מיינונג. אזא סאָרט הארמאָני איז אויך ניט גוט, ווייל אזא סאָרט איינשטימונג מאַכט איינעם א הערשער און דעם צווייטען איין אונטערטהעניגער, און דאן דריקען די פיינע געפיהלען זיך גאָר ניט אוים. אין אזא סאָרט הארמאָני הערשט מעהר שרעק ווי פריינדשאַפט, מעהר ציטער ווי איבערגע-בענהייט, און נאטירליך קען דאָס ניט שאַפען קיין אידע-

אלע היים. מענשען קענען האָבען פערשיעדענע מיינונ־
גען, פערשיעדענע געדאנקען און אידעען און דאָך האָט
דאָס גאָר ניט צו טהאָן מיט גוטסקייט און איבערגעבענ־
הייט. אין דער היים, ווי אויך אויסער דער היים, דארפען
מענשען לערנען און וויסען ווי צו רעספעקטירען איינער
דעם צווייטען — ווי צו רעספעקטירען דעם צווייטענס
מיינונגען און געדאנקען און געפיהלען אפילו ווען זיי זיי־
נען אַנדערש פון זייער אייגענע. און אום צו בעגרינדען
שלום און אהבה אין דער היים איז איבערהויפט נייטיג
אימער צו זיין געדולדיג; און דאן וועט קיין מאָל
קיין כעס ניט אויסברעכען, און מיספערשטענדנישע ווע־
לען זיך ניט ענטוויקלען, און פערביסענהייט וועט זיך קיין
מאָהל ניט ווייזען, און ליעבע און צופרידענהייט וועלען
אימער הערשען.

פרק ט"ו

# קינדער

קינדער זיינען די גרעסטע מתנה וואָס גאָט ב"ה האָט געגעבען דעם מענשען. א קינד איז באמת א קוואל פון האָפנונג. פון דעם טאָג וואָס ער ווערט געבאָרען שאַפט ער אליץ מעהר און מעהר נייע האָפענונגען. מיט דעם ערשטען וואָרט וואָס דאָס קינד רעדט ארוים, און מיט דעם ערשטען טריט וואָס ער מאַכט ווערען די האָפענונגען און פריידע פון עלטערען אליץ שטאַרקער און שטאַרקער. אָבער קינדער זיינען ניט נור א קוואל פון נחת און פערגעניגען, זיי זיינען אויך א גרויסע פעראנטוואָרטליכקייט ; זיי זיינען דער מאטעריאל פון וועלכע דער קומענדער דור איז גע־בויט, און דער כאראקטער פונ'ם דור ווערט דארום אין גאנצען בעשטימט פון די איינפלוסען וועלכע מיר פלאנצען איין אין אונזערע קינדער.

מיר געפינען דאָס קינדער אָפטמאָל גיבען עלטערען פיעלע אונאנגענעהמליכקייט און אויך פיעלע צרות. אָבער מיר מוזען פערשטיין דאָס ווייל דער נחת און פערגעניגען

וואָס קינדער שאַפען זיינען בעשטימט פון גאָט, די אונ-אנגענעמליכקייטען וועלכע עלטערען האָבען פון קינדער קומט דורך דעם וואָס די השפעות אָדער איינפלוסען וועל-כע די קינדער האָבען געקראָגען אין זייערע יונגע יאָהרען זיינען ניט געווען די בעסטע, און א מאָל אויך די ערגסטע, און מיט דעם האָט די פעראנטוואָרטליכקייט פון די עלטע-רען זייער פיעל צו טהאָן.

עס זיינען פאראנען דריי געוויסע פעריאָדען אין דער אויפוואקסונג פון קינדער: די פעריאָדע פון קינדהייט, די פעריאָדע פון יוגענד, און די פעריאָדע פון ערוואקסונג. אין יעדער פעריאָדע זיינען זיי אנדערש, זיי זיינען אונ-ענטוויקעלט און ענטוויקעלט. זיי זיינען אימער אונזערע קינדער, אָבער דאָך בייט זיך זייער פערבינדונג צו אונז מיט זייער וואקסען עלטער און עלטער. אין זייער קינד-הייט באלאנגען זיי אין גאנצען צו אונז, אין זייער יוגענד באלאנגען זיי א טייל צו אונז און א טייל צו דער וועלט, און אין זייער ערוואקסענעם שטאַנד באלאנגען זיי אם-מייסטען צו דער וועלט, און נור א קליינער טייל באלאנגט צו אונז.

די ערשטע פעריאָדע איז די וויכטיגסטע; דאָס איז דער סיזאָן פון זייען און פלאנצען. פון דעם קינד וואַקסט ארויס דער פאָלקאָמער מענש, און ווי דער קינד איז ער-

צויגען אזוי וועט ער זיין ווען ער איז אן אויפגעוואקסע־
נער פערזאָן. דארום קענען מיר לייכט ערקענען פון די
אויפפיהרונג און די מעלות פון אַ פערזאָן די ערציהונג
וועלכע ער האָט געהאט אין זיינע קינדערשע יאָהרען.
גוטסקייט אדער שלעכטסקייט, פיינקייט אדער נידעריג־
קייט, ווערען ניט באַשאַפען אין איין טאָג; זיי זיינען די
רעזולטאַטען פון יאָהרען לאַנג פון גוטע אדער שלעכטע
ערציהונג. דארום זאָגט דער חכם: הנוך לנער על פי דרכו
גם כי יזקין לא יסור ממנו — ערציהע דעם קינד אין דעם
וועג אין וועלכען ער זאָל געהן, און ווען ער וועט אלט ווע־
רען וועט ער פון דעם ניט אָפּטרעטען.

עלטערען מוזען זעהן איינצופלאַנצען אין זייערע
קינדער צוויי זאכען: רעליגיאָן און מדות טובות. זיי זיי־
נען די צוויי טיילען פונ׳ם יודענטהום; די ערשטע האנ־
דעלט מיט דעם מענשענס פארהעלטניסע צו גאָט, און די
צווייטע האנדעלט מיט דעם מענשענס פארהעלטניסע צו
אנדערע מענשען. די ערשטע מוז איינגעפלאנצט ווערען
באַלד ווי דאָס קינד הייבט אָן צו פאַרשטעהן זאכען. מען
מוז דאָס ניט אפלייגען טראכטענדיג אז דאָס קינד איז צו
יונג אדער צו קינדעריש. רעליגיאָן מוז געלעהרענט ווערען
נאָך איידער די געדאנקען ווערען ענטוויקעלט און נאָך
איידער די געפיהלען שפּראָצען ארויס. עס איז אַ סך בע־

סער צו געבען א קינד רעליגיעזע באגריפען וועלכע ער פארשטעהט ניט אין גאנצען און וועלכע ער וועט שפּעטער בעסער פארשטעהן איידער צו ווארטען אויף שפּעטער ווען זיין פאַרשטאַנד וועט ענטוויקעלט ווערען און ער וועט קענען באגרייפען. רעליגיאָן מוז וואקסען מיט'ן קינד צו־זאַמען מיט זיינע געדאנקען און צוזאמען מיט זיינע גע־פיהלען און צוזאמען מיט זיין שפּראך, דאָס מוז זיין א וויכטיגער טייל פון זיין לעבען, דאָס מוז זיין דעם קינד'ס ערשטע לעהרע, ווי עס שטעהט געשריבען: ראשית חכמה יראת ד' — די ערשטע וויסענשאפט איז די פורכט פון גאָט.

מיר דענקען אָבער דאָס אין די ערציהונג פון קינדער מוז אהבה שטעהן העכער פון יראה. קינדער מוזען גע־לערענט ווערען ליעב צו האָבען גאָט. מען מוז ערציהען קינדער מיט דעם געדאנק דאָס גאָט איז א פאָטער, דאס ער ערנעהרט אלעמען און באשיצט אלעמען, און ער גיט טרייסט צו אלע צובראָכענע הערצער און פארביטערטע געדאנקען, און דאס נאָר פון איהם אליין קען דער מענש האָפען געהאָלפען צו ווערען. דארום מוז מען ליעב האָבען גאָט, און אימער טראַכטען פון איהם, און אימער מתפלל זיין צו איהם, איבערהויפּט אין מאָמענטען פון נויט און ליידען. דיזע איינפלאנצונג איז זייער וויכטיג און דאָס

מוז געטאָן ווערען ווען דאס קינד איז נאָך זייער יונג. מיט יראה ווידער דאַרף מען זיך ניט איילען; דאָס קומט אין שפּעטערדיגע יאָהרען פון זיך זעלבסט. נאַטירליך מיינען מיר יראת הרוממות, די יראה וואָס קומט צו א מענשען ווען ער באטראכט די גרויסקייט און די וואונדער און די מעכטיגקייט און די אייביגקייט פון גאָט. יראה אין דעם זינען פון פּחד, דענקען מיר, דאַרף מען אין גאנ-צען ניט איינפלאנצען אין קינדער; דאָס ברענגט גאר קיינע נוצען, און דאָס האָט זייער א שלעכטע ווירקונג, ווי חוקרים געפינען, אויף זייערע יונגע מוחות. מענשען דאר-פען לערנען צו טאָן גוטעס מאהבת ד׳ און ניט פון מורא. מורא איז א זאַך פון וועלכע מענשען זוכען זיך צו בא-פרייען אין שפּעטערדיגע יאָהרען. און דארום געפינען מיר דאָס פילע וועלכע מען האָט ערצויגען מיט געדאנקען פון מורא האָבען שפּעטער אין גאנצען אוועקגעוואָרפען זייער יודענטהום, און פילע זיינען אין גאנצען פארלאָרען צו אונז. דאָס וואָלט אבער געווים ניט פּאסירט ווען מיר וואָלטען איינגעפלאַנצט אין זיי אהבת ה׳. אהבה ציהט צו און פארבינד און פארשטאַרקט די הארץ פון׳ם מענשען צו הקב״ה.

מיר געפינען אויך אין דער תורה דאָס אהבת ד׳ מוז זיין די הויפּט לעהרע צו קינדער. צוערשט שטעהט גע-

שריבען: ואהבת את ד׳ אלהיך בכל לבבך ובכל נפשך ובכל מאודך — און דו זאָלסט ליעב האָבען דיין גאָט מיט דיין גאנצען הארצען און מיט דיין גאנצער נשמה און מיט דיין גאנצען פארמעגען; און אין דעם צווייטען פסוק שטעהט: והיו הדברים האלה על לבבך ושננתם לבניך — און דיזע ווערטער זאָלען זיין אויף דיין הארצען און דו זאָלסט זיי לערנען צו דיינע קינדער. ווען מען פלאַנצט איין אהבת ד׳ אין זייער הארצען דאן איז זייער גייסטליכער לעבען פארזיכערט.

פילע אידישע עלטערען אין אמעריקע פארנאכלעסי־גען שטאַרק די רעליגיעזע לעהרע פון זייערע קינדער. אנדערע האלטען דאָס ניט פאר וויכטיג, און ווידער אנדע־רע דענקען דאָס זייערע קינדער וועלען דאס לערנען ווען זיי וועלען אויפוואקסען. עס איז באמת א גרויסע זינד זיך צו האלטען אזוי גלייכגילטיג צו אזא פונדאמענטאַלע זאַך אינ׳ם אידישען לעבען. דאָס מיינט דאס מיר זיינען צופרידען צו ערציען א דור וועלכער וועט זיין אין גאנצען אומוויסענד פון די זאַכען וועלכע זיינען טייער און הייליג ביי אונז; דאָס הייסט דאָס מיר זיינען צופרידען דאס די אידישע גייסטליכע שאפונגען זאָלען זיך ענדיגען מיט אונז. ווען אמאָל די שונאי ישראל האָבען געמאַכט גזירות רעות אָפצושטעלען דעם יודענטהום, האָבען אונזערע עלטערען

אַבגעגעבען זייער פארמעגען און זייער בלוט, זיי האָבען זיך מקריב געווען על קדוש השם אום צו צושטערען דעם ציעל פון דעם שונא. אָבער דא זעהען מיר ווי עלטערען פארשוואכען דעם יודענטהום פשוט מיט זייערע אייגענע הענד; צו בשוגג צו במזיד, זיי טוען ניט דאס מינדעסטע אום דאָס איבערצוגעבען צו זייערע קינדער ווי דאָס איז איבערגעגעבען געווארען צו זיי זעלבסט.

און וואָס איז מעהר, זיי טהוען דערמיט זייערע קינדער אליין א גרויסען אונרעכט. א רעליגיעזע ערציהונג איז די וויכטיגסטע זאך פאר'ן מענשען. א מענש האָט אין זיך בטבע מאַטעריעלע שטרעבונגען און גייסטליכע שטרעבונגען, וועלכע זוכען צופרידען צושטעלען די פארלאַנגען פונ'ם קערפער, און וועלכע זוכען צו באפרידיגען די נייגונגען פון דער נשמה. נאַטירליך ווען דער מענש ווערט נאָר געלערענט ווי צו באַפרידיגען די פארלאנגען פונ'ם גוף, ווען ער ווערט נאר געלערענט ווי צו פארדינען און צו זאמלען געלד, און מעהר געלד, דאן ווערט דער גייסטליכער טייל פון זיין לעבען שטאַרק פארהונגערט, און דאָס שאפט דעם מענשען גרויסע אונצופרידענהייט מיט זיך און מיט'ן לעבען. געלד פארלירט איהר ווערדע, און קערפערליכע פארגעניגענס פארלירען זייער טעם, און דער מענש פיהלט א פוסטקייט אין זיין נשמה.

ווידער, איז א רעליגיעזע ערציהונג זייער וויכטיג פאר׳ן מענשען פשוט דערפאר, ווייל ער אליין קען ניט גאנץ אָפט געפינען דעם ריכטיגען איינטרעט און אויס־גאנג צו די שווערע פראָבלעמען פון לעבען. אונזערע אידען אין אמעריקע האָבען ב״ה גרויסע געלעגענהייטען; דאָ האָבען מיר ניט קיינע פּאָליטישע באשרענקונגען און קיינע עקאָנאָמישע אונטערדריקונגען. דאָ לעבט דער איד אממיינסטען גאנץ באקוועם, און אָפט אויך אין לוקסוסען, און דאָך ליידען אמעריקאנער אידען פון מעהר נערוועזע קראנקהייטען ווי אידען אין אנדערע לענדער, און מעהר ווי אנדערע נאַציאָנאַליטעטען דאָ. די הויפּט אורזאכע דערפון איז וואָס זייער פיעל פון אונזערע אידען האָבען ניט קיין רעליגיעזען לעבען. זיי לעבען נאר פאר׳ן קערפּער, און זיינען זייער וויוט פונ׳ם גייסטליכען לעבען. ווען דער מענש לעבט א גייסטליכען לעבען דאן ווערען די שווערס־טע שוועריגקייטען לייכט און די הארדסטע פּראָבלעמען קלאָר, ווייל דער מענש פארלאָזט זיך אויף גאָט, און גאָט העלפט איהם. ווען דער מענש לעבט א גייסטליכען לעבען דאן פארשווינדען אויך די פארצווייפלונגען און שרעק וועלכע צוברעכען די נערוועז און צושטערען די געדאנ־קען, ווייל דער מענש ווייס דאָס ווען די צייט ווערט שלעכט אדער ווען זיינע קרעפטען זיינען צו קליין פאר זיינע אונ־

טערנעמונגען, דאן אפעלירט ער מיט זיין גאנצען הארצען צו גאָט און גאָט ב"ה שיקט איהם צו די ריכטיגע געדאנ־קען און ווייזט איהם דעם ריכטיגען וועג. ווי עס שטעהט געשריבען: קרוב ד׳ לכל קוראיו לכל אשר יקראוהו באמת — גאָט איז נאָהענט צו אלע וועלכע רופען איהם, וועלכע רופען איהם אין אמת. אָבער אָהן רעליגיאָן, אָהן די באַ־וואוסטזיניגקייט פון דעם אלמעכטיגען ווערט דער מענש הילפלאָז און צובראָכען ווען שווערינקייטען קומען איהם פאַר. ער דאגה׳ט און דאגה׳ט און ווערט אָנגעפילט מיט שרעק ביז זיינע נערוועז ווערען אונטערגעבראכען.

דארום קענען מיר פארשטעהן וואָס א רעליגיעזע ער־ציהונג מיינט פאר׳ן קינד אין זיין שפּעטערדיגען לעבען. אחוץ אלעם וואָס מיר ווייסען וועגען חנוך הבנים, מוזען מיר ניט פארגעסען צו נעמען אין אנבעטראכט די וויכטיג־קייט פון רעליגיאָן אינ׳ם פּראקטישען לעבען. עלטערען זוכען זייער שטארק צו פארזיכערען די צוקונפט פון זייע־רע קינדער, און דארום שרייבען זיי איבער צו זיי זייערע מאַטעריעלע פארמעגענס. די וויכטיגסטע פארזיכערונג מיידען זיי אָבער אוים, זיי גיבען זיי ניט איבער דעם רע־ליגיעזען איינפלוס און דארום לאָזען זיי אָפען צו די צו־שטערענדע איינפלוסען וועלכע צוברעכען זייער קראפט און זייער געזונד.

אידישע עלטערען מוזען אויך זוכען מיט אלע מעגליכ-
קייטען איינצופלאַנצען דעם יודענטהום אין די הערצער
פון זייערע קינדער אום זיי צו געבען אן אמת'ן אידעאל אין
וועלכען זיי וועלען געפינען באַשיצונג פון אלע רשעות
און שנאה וועלכע זיי וועלען אָפט טרעפען אין די ניט-
אידישע קרייזען. גאנץ אָפט באַגעגענען אידישע קינדער
אין דער ניט-אידישער וועלט קאלטקייט און פאַראכטונג
צוליב דעם וואָס זיי זיינען אידען און זיי פאַרשטעהן ניט
פארוואָס דאָס קומט זיי; און וואָס איז מעהר, זיי ווייסען
אזוי ווענינ פון זייער יודענטהום, דאָס זיי קוקען דערויף
ווי אויף א פרעמדע מסה וועלכע איז צוגעטשעפעט גע-
וואָרען צו זיי און צוליב וועלכע זיי ליידען. זיי זוכען דא-
רום צו באַהאַלטען זייער שטאַהם, צו פאַרשטעלען און
אויסצומעקען די אידישע שטריכען פון זייערע פנים'ער
אום אריינגענומען ווערען אין געוויסע קרייזען אלס ניט-
אידען. ווען אבער דיזע קינדער וואָלטען געווען באקאנט
מיט די אוצרות פון זייער רעליגיאָן, ווען זיי וואָלטען ווי-
סען די גרויסע און טיפע לעהרע פון יודענטהום, דאן וואָל-
טען זיי ניט געקוקט דערויף אלס א לאַסט וועלכע זיי באַ-
דאַרפען פארשטעלען אדער מיט וועלכע זיי האָבען זיך
וואָס צו שעהמען. זיי וואָלטען וויסען פאַרוואָס זיי זיינען
אידען און די רשעות פון אַנדערע וואָלט זיי ווענינ קימע-

רען. זיי וואָלטען קוקען אויף זיך אלס באַשיצער פון דיזע גרויסע לעהרע, און דאָס אליין וואָלט זיי מאכען שטאָלץ מיט זייער שטאַהם.

מיר האָבען פריער געזאָגט דאס אידישע עלטערען מוזען אויך איינפלאַנצען אין זייערע קינדער מדות טובות. דאָס איז אויך זייער א פונדאמענטאַלישע זאך. אין אמת'ן ליגט דער גאנצער יודענטהום מעהר געוויכט אויף מדות טובות ווי אויף יראת אָדער אהבת ד'. ווי די חז"ל זאָגען: כל מי שרוח הבריות נוחה הימנו רוח המקום נוחה הימנו — דער פון וועמען מענשען זיינען צופרידען איז גאָט פון איהם אויך צופרידען. מען טאָר דאס ניט אָפּלייגען אויף שפּעטערדיגע יאָהרען, מען טאָר זיך ניט טרייסטען דער־מיט דאָס זיי וועלען סיי ווי סיי אויפוואַקסען לייטישע מענשען. דאָ אין אמעריקע האָבען מיר צופיעל אידישע שווינדלערס און גנבים און געננסטערס, און כאָטש זיי זיינען וועניגער ווי פון אנדערע נאַציאָנאַליטעטען, דאך זיינען זיי אין גאנצען צופיעל פאר אונז. אונזער ציעל אין לעבען איז דאָך צו זיין אן עם קדוש, צו לעבען נאָהנט צו גאָט און מיט עהרליכקייט צו מענשען. דאָס מוזען מיר געדענקען ווענדעט זיך אין גאנצען אין די ערציהונג. ווען מען ערציהט קינדער צו אכטען גאָט און לייטען, ווען מען פלאַנצט איין אין זיי אהבת המקום און אהבת הבריות,

דאָן וועלען זיי ניט אויפוואקסען צו זיין גענגסטערס. ווען אָבער מען גיט קיינע אכט צו זייער ערציהונג, ווען מען לאָזט זיי געהן אויף הפקר פון קינדווייז אָן, דאן גאנץ אָפט וואַקסען זיי אויף צו זיין דערנער אינ׳ם גאָרטען פון ישראל.

מען מוז ערציען קינדער מיט אכטונג פאר אנדערע מענשען. מען מוז זיי לערנען צו שעצען דעם אמת אפילו אין פאל וואו דאָס וועט זיי ברייגגען שאָדען. זיי מוזען פאַרשטעהן דאס אין סוף וועט דער אמת זיי ברענגען רוחים און ניט קיין שאָדען. מען מוז איינפלאנצען אין זיי עהרליכקייט אין אלע זייערע האנדלונגען; מען מוז פיעל מאָל איבער׳חזר׳ן פאר זיי דעם פארבאָט פון לא תונו איש את עמיתו, דאָס מען טאָר קיינעם ניט אָפנאַרן, און פון קיי־נעם קיין זאך ניט אויסנארען. מען מוז זיי לערנען צו פאר־האסען די וועגען פון שווינדעל, און די וועגען וועלכע ברענ־גען שנעלע רייכטהום דורך אומערליכקייט. מען מוז זיי ווייזען דאָס דער לעבען איז פיעל רייכער און פיעל אנגענע־מער מיט א געזונטען געוויסען און מיט ווענינ פארמעגען ווי מיט א צובראָכענעם געוויסען און מיט א גרויסען פארמעגען.

אויב אידישע עלטערען וועלען דענקען זייער ערענסט

ק י נ ד ע ר

וועגען דער צוקונפט פון זייערע קינדער און דער צוקונפט פון אונזער פאָלק דאַן וועלען זיי פאַרשטעהן זייער גרויסע פליכט.

# אינהאַלט: